ה. לייוויק

# אָרעמע מלוכה

דראַמע אין פיר אַקטן

ווילנע — 1927

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# פערזאָנען:

**חיים,** א בעטלער, א האָרבאטער, א דארער.

**מלך,** א ייד פון א יאָר פופציק, אויף א קריפּל־וועגעלע, חיימס טאטע.

**מיכה,** אַן אלטער בעטלער פון א יאָר זעכציק, מלכס פאָטער.

**זרח,** א בלינדער בעטלער.

**טייבשטומער,** בעטלער.

**יונה קאַסאָקע,** מלכס באַגלייטער. ער פירט מלכן אויפן קריפּל־וועגעלע. ער האָט א קרום אויג, איין אַקסל איז ביי אים העכער פונם צווייטן.

**דאָקטאָר.**

**הינדע,** א בעטלערין, א זקנה.

**מירל,** א געשטופּלטע. } אירע טעכטער.
**יעטע,** א שענערע פון דער ערשטער }

**אַ קול פון צימער.**

**ערשטע פרוי.**

**צווייטע פרוי.**

**שטימען.**

**בעטלער:**

אימיטירטע בלינדע; א ייד אויף צוויי קוליעס; א ייד אויף קוליעס; א פרוי מיט איין האַנט; א פרוי מיט א האָרב; א גרויסער ייד מיט א שיינע באָרד, וואָס איז נישט קיין קאַליקע; א בלינדער אויף איין אויג.

---

# ערשטער אַקט

אַ קעלער-וווינונג פֿון בעטלער. שמוציק און עלנט. אַ בעט מיט אָנגעוואָרפֿענע שמאַטעס בעטגעוואַנט: רעכטס די שטוב פֿון אַריינגאַנג. לינקס — צוויי טירן צו אַנדערע צוויי חדרים. פֿון איין צימער הערט מען פֿון צייט צו צייט אַ שטיל קרעכצן פֿון אַ פֿרוי

מ י כ ה אַן אַלטער בעטלער פֿון אַ יאָר זעכציק, אינגאַנצן בלינד זיצט אויפֿן בעט, הויגט זיך און דערציילט עפּעס. ח יי ם אַ האָרבאַטער, אַ דאַרער, ניט קיין נעגאָלטער, האַלב תם, האַלב מרה-שחורהניק, גייט אַרום איבערן שטוב, קלאַפּט מיט זיינע גרויסע צעריסענע שיך איבערן דיל, קייעט אַ שטיק ברויט.

אין שטוב איז קאַלט. עס ברענט אַ טונקל ליכט

מ י כ ה

פֿאַרלייגט אַ האַנט אין אַ האַנט, עטוואָס צוקנדיק מיט די אַקסלען, אין טאָן פֿון דערציילונג

. . . אויך ווינטער געווען אַזוי ווי דאָ און אויך אַזוי קאַלט. . . נאָך קעלטער געווען... אַ קליינינקייט, היימישע פּרעסט... אָבער ס'איז דאָך געווען אַ מחיה... ניט אַזוי ווי דאָ אינם סדום . . . אין די גרעסטע פֿרעסט פֿלעגן מיר זיך גיין פֿון איין שטאָט אין אַ צווייטער, פֿון אַ מינסק, אַ שטייגער, אין אַ ווילנע —

ח יי ם

מורמלט

גאָר דו האַלטסט אין איין דערציילן, וואָס אַמאָל איז געווען — אַ קנאַפּע נחמה, אַ קנאַפּע.

מ י כ ה

די דאַרפסט נאָך אויך געדענקען, ווי מיר פלעגן זיך שפּאַצירן איבער די גרויסע שליאַכן מיט די לייוונטענע טאָרבעס אויף די פּלייצעס און מיט די שטעקנס אין די הענט... טעם גן-עדן געווען.

ח יי ם

איך געדענק.

מ י כ ה

נאָך מיינע אויגן געהאַט... און דיין טאַטע איז נאָך געווען אַ פּשוטער בעטלער, אַן ערלעכער. ניט ווי דאָ אינם סדום, מיט די קונצן, מיט די פֿאַלשע קריפּל-וועגעלעך און ביזנעסן... אי, וואָס איז צו רעדן.

ח יי ם

אַז דער טאַטע איז דאָ, שווייגסטו.

מ י כ ה

אָט וועסטו זען. איך וועל אים אין די אויגן זאָגן —

ח יי ם

און אַז דו'סט זאָגן ? — מען דאַרף אַוועק פון דאַנען. אַנטלויפן דאַרף מען —

מ י כ ה

אוי, ווען מיינע אויגן דינען מיר... פּויזע וואָס טוסטו, חיים ?

ח יי ם

איך עס.

מ י כ ה

וואָס עסטו ?

ח יי ם

וואָס זאָל איך עסן ? ברויט.

מ י כ ה

דער טאַטע וועט נאָך שרייען, וואָס מיר זענען פריי אַהיימגעקומען.

ח יי ם

זאָל ער שרייען. און כ׳וועל אינגאַנצן ניט גיין מיט דיר בעטלען. איכ׳ל אַוועק פון דאַנען. איבער דער וועלט וועל איך גיין.

מ י כ ה

וואָס רעדסטו ?

ח יי ם

שרייט

איכ׳ל אַוועקגיין, זאָג איך.

מ י כ ה

ששש... אַ חולה אין שטוב — פויזע — ח יי ם זעצט זיך. צייל איבער, וויפיל מיר האָבן געמאַכט. צייל איבער.

ח יי ם

זאָל דער טאַטע ציילן. אים איז דאָך אַלץ ווייניק. איז אָנגעשפּאַרט מיט באַנקביכלעך —

מ י כ ה

שאַ, שטילער.

ח יי ם

איך האָב אַליין געזען זיינע באַנקביכלעך.

מ י כ ה

געהיימנישפול

טאַקע ? געזען ? נו, וויפיל ? וויפיל ?

ח יי ם

טויזנטער.

מ י כ ה

טויזנטער ?

ח יי ם

אַז אַ שטאָט מיט בעטלער אַרבעטן אויף אים. אַ רשע.

מ י כ ה

רעד ניט אַזוי. אַ טאַטע. גיי אַריין, זע, וואָס די מאַמע טוט.

ח יי ם

אַ דאָקטאָר דאַרף מען רופן. אַ מענטשן דאַרף מען צו איר... ליגט איינע אַליין ווי אַ שטיין אַ גאַנצן טאָג אין אַזאַ קעלט — געלט זשאַלעוועט ער. אַ חלירע —

עס קומען אַריין דער בלינדער זרח און דער טויבשטומער זרח מיט אַ פּנים געל און אויסגעצויגן, אַ ייד פון אַ יאָר פערציק, אַ גוטמוטיקער ייד, מערסטנטייל אַ שווייגנדיקער. לאַכט שטענדיק מיט אַ נאַרישוואַטן געלעכטער. עס דאַכט זיך, אַז דעם מענטשן אַרט קיין זאַך נישט, וואָס מיט אים טוט זיך. דער טויבשטומער אויך אין די זעלבע יאָרן וואָס זרח, זעט אָבער אויס עלטער, טראָגט אַ קורצע ברייטע באָרד; זיין פּנים שטרענג בייז, כמעט איינגעשלאָסן, שאַרף. זיין טאָן שווער בלייאיק. ער נעמט קיין אָנטייל אין קיינע געשפּרעכן, איז אינגאַנצן אָן דער זייט, צופרידן, נאָר, ווייזט אויס, וואָס מען האָט אים אין הויז אַריינגענומען און מען גיט אים אַ ווינקל, וווּ צוצושפּאַר;

זיך: אַמאָל אָבער ראַכט זיך אויס, אַז ער איז ניט טויב. אַז ער הערט און וויס, וואָס עס קומט פֿאָר אַרום אים און אינעווייניק אין זיין נשמה ערגעץ רעאַגירט ער אויף אַלץ, וואָס ער זעט און הערט. ז ר ח קומט אַריין הינטערן שטומען, האַלט אַ האַנט אויף זיינס אַן אַקסל. ז ר ח טראָגט אויפן ברוסט אַ גרויס בלעכל מיט אַן אויפשריפט: „איך בין בלינד"!

מ י כ ה

מלך?

ז ר ח

איך מיטן שטומען.

מ י כ ה

זרח? און מלך איז נאָך אַלץ ניטאָ.

ז ר ח

וועט קומען מלך אויך. וועט קומען. די מלוכה וועט אים שוין ברענגען.

מ י כ ה

שוין פֿראַוועכטו לוצנות. איך האָב דאָך ניט ליב, זרח, דאָס ווערטל דיינס „די מלוכה" — ניט ליב.

ז ר ח

ווי אַנדערש זאָל מען רופן דאָס קריפּלוועגעלע, אויף וועלכן מלך זיצט ? מלוכה. ניט אַנדערש — אַן עכטע מלוכה. ניט מיין ווערטל, אַלעמענס.

מ י כ ה

מען טאָר ניט רופן אַזוי.

ח יי ם

אויפן שטומען

ווער איז אָט דער ייד ?

ז ר ח

חיים? קענסט נאָך ניט דעם ייד? די אַלטע הינגדע האָט אים גענבט. ערגעץ אויסגעזוכט און געבראַכט אַהער. אי טויב איז ער, אי שטומען זי קריגט עס זיי די יידן.

מ י כ ה

האָט אים מלך געהייסן דאָ זיין?

ז ר ח

אודאי געהייסן. מיר אים געגעבן פּאַר אַ פּאָר. מיין מזל. מיין שותף דאַרף זיין אי טויב אי שטום —

זרח זעצט זיך אויך אויפן בעט. דער שטומער פאַרשלאָגט זיך אין אַ ווינקל. זעצט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און זיצט. חיים קוקט אויף אים, גייט צו צו אים

ח י י ם

איז וואָס-זשע עפּעס אויף דער ערד זיך אַוועקגעזעצט?

מ י כ ה

אויף דער ערד גאָר

ח י י ם

בייגט זיך איין צום שטומען, שרייט אויפן קול

וואָס עפּעס אויף דער ערד?

ש ט ו מ ע ר

קוקט אים אָן קאַלט און פרעמד, קערט אָפּ זיין פּנים פון אים

ח י י ם

נאַ דיר גאָר אַ טויב-שטומען אַ הער. אפשר גאָר מאַכט ער זיך? אַזוי ווי מיין טאַטע מאַכט זיך פּאַר אַ קריפּל — שרייט צו אים אויף אַן אמת שטום? אויף אַן אמת טויב?

ש ט ו מ ע ר

לאָזט אַרויס אַ מאָדנעם קלאַנג, שטויסט מיט די הענט אַוועק
פון זיך חיימן

ז ר ח

לאָז אים צורו, חיים.

ח יי ם

ווער קען זיי גלייבן? גייט אָפּ פון שטומען, הערט ניט אויף צו קוקן אויף
אים וואָס איז דאָס פאַר אַ ייד? האָט אומגעקערט דאָס פנים צו דער
וואַנט און זיצט.

אַ קרעכץ פון צווייטן צימער

מ י כ ה

שלעפּט זיך צום טיר, רעדט אַריין

וואָס איז, רבקה, וואָס איז? מלך וועט באַלד קומען. חיים, זי רופט
דיך.

ח יי ם

וואָס קען איך העלפן?

גייט אַריין

מ י כ ה

אין טיר

נו, שאַ, רבקה, נו, שאַ.

ח יי ם

קומט אַרויס צוריק

אין ווערעם ליגט זי... איך גיי נאָך אַ דאָקטאָר.

מ י כ ה

גייסט טאַקע?

ח יי ם

וועסטו באַצאָלן. האָסט אויך אַ קניפּעלע. אָט דאָ אָ, אונטערן. אָט דאָ אָ קלאַפּט דעם אַלטן אונטערן אָרעם וועסטו באַצאָלן.

אָפּ

ז ר ח

כי — כי — כי. אַ קניפּעלע... רייד אַזוינע געקראָגן.

מ י כ ה

וואָס לאַכסטו, וואָס ?

ז ר ח

איך מיין חיים. עפּעס האָט ער גענומען זיך כעסן אַזוי.. און אַז ער רעדט — איז מיט טרערן... מען טאָר ניט נעמען צום האַרצן —

מ י כ ה

שטייט ביים טיר פון חולהס צימער

אַז רק מחלוקתן, מחלוקתן. רופט חיים — וואָס, אַרויסגעגאַנגען . . . רעדט אַריין קרעכץ ניט, רבקה, קרעכץ ניט... אַזאַ שייגעץ — אונטערן פּאַכווע, זאָגט ער — נעמט זיך אָן פאַר בוזעם ניט געגנבהט, חלילה. פּופּצן יאָר בעטלען... אָך, אָך, ניט ווילנע, ניט ווילנע — סדום . . .

ז ר ח

כע, כע, סדום.

מ י כ ה

ס'איז דיר ניט בעסער, רבקה ? האַ ? שלאָפסט, רבקה, שלאָפסט ? .. יע, זי שלאָפט גאָר.

מ ל ך אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, אַ קיילעכדיקס, אַ פלינקס, מיט ברענענדיקע, דורכשטעכעדיקע אויגן, מיט אַ שוואַרץ-שפּיציקער

באָרד, פאָרט אַריין אין שטוב אויף אַ קריפּל-וועגעלע. ער איז איינגעדרייט אין שמאַטעדיקע קאָלדרעס, איבערהויפּט די פיס, אַזוי, אַז מען זעט קוים אַרויס אַ קאָפּ. נאָך אים, האַלטנדיק זיך אָנם וועגטאַלע פונם וועגעלע און סאָפּענדיק גייט מלכם שטענדיקער באַגלייטער יונה קאַסאָקע, אַ קורץ מענטשל פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ קרומען אויג און מיט איין אַקסל העכער פונם צווייטן. אַ גבֿנֿעדיקער אין מלכם אָנוועזנהייט, אַ דערשראָקענער, אַ ווייכער, אָבער טיף אין האַרצן אַ בייזער, אין אומצופרידענער: ער וויל זייער אָפּט זיין אומצופרידנהייט אַרויסווייזן אין מלכם אָנוועזנהייט, אָבער ווי נאָר מלך טוט אַ קוק אויף אים, ווערן אים אָפּגענומען הענט און פיס. דערצו נאָך טרעפט, אַז אינמיטן רעדן פאַרהאַקט ער זיך, הייבט אָן שטאַמלען, דעמאָלט ווערט ער אינגאַנצן פאַרלוירן און אויסער זיך

**מיכה**

דו, מלך ?

**מלך**

ניט אַרונטערגייענדיק פון וועגעלע

איך. וואָס איז ?

**מיכה**

אַבי דו ביסט שוין געקומען.

**מלך**

בייזער

וואָס איז אַזוינס ?

**מיכה**

וואָס-זשע ביסטו שוין בייז ? איידער וואָס ווען, שרייסטו שוין. —

**מלך**

לאָמיך צופרידן, טאַטע.

וואַרפט אַראָפּ פון זיך די קאָלדרעס-שמאַטעס

מ י כ ה

מען מוז עס אריינקומען אין שטוב מיט כעס?

מ ל ך

ביסט, זע איך, פריער פון מיר אהיימגעקומען. וואס, וואס איז די איילעניש געווען?

מ י כ ה

נו, שא, שריי ניט.

מ ל ך

איך פרעג דאך, וואס איז די איילעניש געווען? אין דער רעל־טער שעה ווען מען גייט פון די שעפער, ווען מען קען מאכן א פאר סענט — נעמען זיי גאר און גייען אהיים אוועק. און דו, זרח, מיטן שטומאק, וואס איז מיט אייך די שמחה?

ז ר ח

לאזט זיך גיין אין צווייטן צימער אריין

א דאגה מיינע.

י ו נ ה

געהערט רייד?

מ ל ך

איך וועל דיר באלד געבן א דאגה מיינע...

ז ר ח

. אפ

מ י כ ה

דער פלאץ מיינער איז אויך עפעס קאליע געווארן..

מלך

מען זאָל אײַך געבן דעם בעסטן פּלאַץ, װעט איר פֿון אים אַ תּל מאַכן. אַזױנע בריות װי דו און מײַן תּלמיד... מען ראַזאַ־רעט מיך. מען נעמט אַזאַ גאָלדענעם פּלאַץ און מען הרגעט מיר אַװעק. אַ ליאַרע בעטלער אױף אַזאַ פּלאַץ מאַכט דאָך שײנע געלדער דורכן טאָג, הײנט דו — אַ בלינדער נאָך... גײט אַרונ־טער פֿון װענעל, גלײַבט זיך אָנעם די בײנער בו, װאָס זאָגסטו, יונה, אַזאַ פּלאַץ נעמט מען און מען קױלעט מיר אַװעק. איך האָב זײ דאָך אָפּ־געגעבן אײנעם פֿון מײַנע בעסטע פּלעצער...

יונה

װער האָט דיך געהײסן אַװעקגעבן זײ!

מיכה

שרײַט ניט אַזױ. אַ חולה אין שטוב.

מלך

איך בין אַלײן אַ חולה. מיר ברעכן אױך די בײנער פֿון אַ גאַנצן טאָג זיצן.

מיכה

װער־זשע הײסט דיך זיצן? װאָס? עמעצער האָט דיך געצװונ־גען װאָ'סט זיך עסקן אָט מיט... מיט דעם שקר מיטן װעגעלע. געדענק, מלך, געדענק —

מלך

װאָס אײ?

מיכה

ביסט געװען דײַן גאַנץ לעבן אַן ערלעכער בעטלער. אַ גאַנץ לעבן. אױסגעשטרעקט די האַנט, האָבן גוטע מענטשן געגעבן. און

ס'איז געווען גענוג. האָסט אָפּגעהיט רבקהן. וויפיל זי האָט גע-
קענט האָט זי דיר אויך געהאָלפן. און חיים אויך.

מלך

אין דר'ערד אריין מיט דיינע גוטע מענטשן — —

מיכה

געדענק, מלך —

יונה

וואָס איז? מען טאָר ניט?

מיכה

געדענק, מלך, געדענק. צו יונהן אודאי טאָר מען ניט.

מלך

איך ווייס, וואָס איך טו.

יונה

אפשר טאָר מען טאַקע ניט?

מלך

ברוגז

וואָס? — דו אויך? איך קען קריגן אַן אַנדער ארויסהעלפער
אָן דיר.

יונה

איך האָב גלאָט אַזוי געזאָגט —

מלך

גלאָט אַזוי זאָגט מען ניט. בהמה. גייט צו צום שטומען וואָס זאָגט

איר פעטער?... אויב איך געפעלט ניט ביי מיר, קענט איר אייך אויך גיין —

ש ט ו מ ע ר

שטעלט זיך אויף, קוקט מלכן גלייך אין די אויגן אריין

מ ל ך

אַלרייט, אַלרייט, ליגט, אַז איר ליגט. דער שטומער לייגט זיך צוריק אַז ס'איז טויב ווי אַ וואַנט און אויגן שטעלט עס אויס ווי אַן אָקס צו יונהן נו, וואָס, דיר געפעלט אויך ניט?

י ו נ ה

צוגעשפּאַרט צום וואַנט, שטייט מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע פּיס. דעם קאָפּ אַרונטער

ווער זאָגט?

מ ל ך

אַן ערלעכער בעטלער זיין... אָט דאָס ווייזט אויפן ווענעלע איז ביי אים שקר... אַז איך וואָלט זיין אַן אמתער קריפּל, וואָלט שוין גוט געווען... אַ חלירע אין דער וועלטס זייטן אַריין... צו יונהן וואָס שטייסטו ווי אַ מרוק?... עפּעס שווייגסטו מיר לעצטנס צופיל... וואָס איז?

י ו נ ה

ווער זאָגט. אדרבא.

מ ל ך

איין קוק, אַז איך גיב, זע איך שוין דורך און דורך. טאָ וואָס?

י ו נ ה

דאַכט זיך, איך טו אַלץ, וואָס מען דאַרף, וואָס דו הייסט?...

מ ל ך

פאַרוואָס זענען ניט צופרידן די בלינדע, וואָס שטייען ביים וואָקזאַל, האַ? זיי מורמלען. — איך נעם, האָט מען מיר איבערגעגעבן, זאָגן זיי אַ צו גרויסן פּראָצענט ביי זיי. און מען האָט מיר געזאָגט, אַז דו ווייסט וועגן דעם, און גיסט זיי צו השק.

י ו נ ה

שטאַמלט

אי — אי — ך...

מ ל ך

טופּעט מיט די פיס

פאַר דיר זאָל איך אויך מורא האָבן, פאַר דיר? הינטערן פּלייצע ווילסטו מיר שטיין און כיטרעווען קעגן מיר..

י ו נ ה

מלך, מלך. אדרבא —

כאַפּט אים פאַרן האַנט

מ ל ך

קוקט אויף אים שנײַדנדיק

נאָך אַמאָל זאָל איך עפּעס הערן — ענדערט דעם טאָן ווילסט גיין עסן — טאָ גיי, און קום צוריק. מיר'ן גיין איינקאַסירן.

י ו נ ה

אָפּ

ז ר ח

קומט אַריין צוריק, זעצט זיך אויפן בעט, און פאַר דער צייט ליגט ער זיך אַלץ מער אויס און ליגט

מ י כ ה

רבקה איז גוט קראַנק, הערסט. גוט קראַנק.

מ ל ך

נו וואָס קען איך טון ? אַז אַ מענטש ליגט שוין צוויי יאָר צום בעט.

מ י כ ה

גיי אַריין, גיב אַ קוק, וואָס זי טוט.

מ ל ך

גייט אַריין און קומט גלייך אַרויס

זי שלאָפט דאָך.

מ י כ ה

האָסט באַדאַרפט אַ מענטשן דינגען צו איר.

מ ל ך

אַז איך בין אַן אָרעמאַן —

מ י כ ה

אי, מלך, מלך.

מ ל ך

זעצט זיך צום טישל, שלעפט פון קעשענע מטבעות, וואַרפט אויפן טיש, סאָרטירט און ציילט

קופער, קופער. קוים-קוים אַ זילבער-שטיק ווו... אַ בראָך זיי אין די ביינער רבונו-של-עולם.

מ י כ ה

שאַ, שילט נית.

מ ל ך

אַ בראָך, אַ בראָך, אַ בראָך — ציילט און פאַרקוקט זיך אויפן שטומש

אַ בריאה אַזאַ. ליגט, גלאָצט מיט די אויגן שטרעקט אוים דעם קאָפּ און רעדט צום שטומען וואָס קוקסטו? וואָס? צו מיכהן ווו איז, חיים?

מ י כ ה

געגאַנגען אַ דאָקטאָר רופן.

מ ל ך

איך וועל אים ווייזן ווי צו באַלעבאַטעווען דאָ.

מ י כ ה

מלך האָב גאָט אין האַרצן.

מ ל ך

אָנגעזעצט זיך אויף מיר לויפט אַרום איבערן שטוב, — **ז ר ח** ליגנדיק הייבט אָן הילכיק לאַכן וואָס לאַכסטו?

ז ר ח

די באָבע הינדע זאָגט צו מיר נעכטן: לאַנג לעבן זאָל אונזער מלך. כי, כי, כי...

מ ל ך

איז וואָס הירזשעסטו?

ז ר ח

און דו האָסט שוין מורא אפילו פאַר יונגען —

מ ל ך

שווייג.

ז ר ח

עס געפעלט מיר... לאַנג לעבן זאָל אונזער מלך...

חיים

קומט אריין

דער דאָקטאָר וועט באַלד קומען..

לאָזט זיך ניט קוקנדיק אויפן טאַטן, צום צימער פון חולה

מלך

קוק אים אָן דעם באַלעבאָס.

חיים

בלייבט שטיין

ער וויל די מאַמע זאָל שטאַרבן. איך ווייס.

מלך

שווייג, איך וועל דיר — — —

חיים

נאַ שלאָג, שלאָג... דו ווילסט זי זאָל שטאַרבן... מיט פאַרדריקטן פויסט זאָל זי פּרווון שטאַרבן. מיר'ן זען...

מיכה

דערטאַפּט חיימן און קלאַמערט זיך אָן אים

אָבער שאַ, חיימל...

חיים פאַלט צו מיטן פנים צום וואַנט

זרח

האַלב ליגנדיק פאַלט אַריין

די באָבע הינדע זאָגט צו מיר נעכטן: אַנו, זרחל, הייס מיין פּיי-געלע אַרויסציען דיר אַ מזל-קוויטעלע... דיר וועט עס גאָרניט קאָסטן, זאָגט זי... אייגענע מענטשן, זאָגט זי... נעם איך טאַקע און זאָג צום פייגעלע: ציִ מיר אַרויס אַ קוויטעלע... נעמט עס

און ציט אַרויס טאַקע, מיטן שנאָבעלע... אזא קונציק פייגעלע...
נעמט זי און ציט אַרויס טאַקע... אַ גאַנץ קוויטעלע —

א קלונג

חיים

אפשר דער דאָקטאָר.

לאָזט זיך אין פאָרהויז עפענען

מלך

וואַרט אַ מינוט, וואַרט אַ מינוט.

כאַפּט זיך אַרויף אויפֿן קריפּל־וועגעלע און זיצט די גאַנצע צייט אײנגאַנצן אַ געענדערטער. זיין פנים ווערט אויסגעצויגן, חניפהדיק, האַלבווייענדיק. נאָר דעמאָלסט ווען ער טוט אַ קוק אויף חיימן באַקומט זיין פנים דעם פריערדיקן אויסזען. חיים קומט אַריין מיטן דאָקטאָר

חיים

אָן דאָרט דאָקטאָר.

מלך

מיין פרוי, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, זייער קראַנק. זעט, ראַטעוועט זי. איך וועל עס ניט אויסהאַלטן. גאָט האָט מיך געשטראָפט, מיינע ביידע פיס פֿאַרקריפּלט, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, און פֿאַר קיין יידן געדאַכט.

דאָקטאָר

איך וועל זען, וואָס מען קען טון.

מיכה

גאָט זאָל אייך געבן געזונט, דאָקטאָר. בלינד אויף ביידע אויגן, ווי איר זעט מיך.

חיים

מיט גאַל, שטיל

גענוג צום דאָקטאָר קומט אַריין, דאָקטאָר.

חיים דער דאָקטאָר און נאָך זיי מיכה אָפּ צום חולה. זרח זעצט זיך אויף, און אַ מאָדנער שמייכל שפּילט אויף זיינע ליפּן. מלך זיצט אויפן וועגעלע מיטן גאַנצן אויסדרוק פון אַ בעטלער

מלך

שטיל

ליג, אַז דו ליגסט. וואָס שמייכלסטו?

זרח

אי, ווען גאָט קערט מיר אום מיינע אויגן...

לייגט זיך צוריק אַוועק

מלך

וואָס די אויגן דיינע? בהמה.

דאָקטאָר, חיים, מיכה קומען אַרויס צוריק

דאָקטאָר

אייער פרוי מוז מען צונעמען אין האָספּיטאָל.

מלך

צונעמען, וויי איז מיר, וויי איז מיר.

דאָקטאָר

דאָ טאָר זי ניט ליגן. זי איז אַ שטאַרקער חולה ביי אייך. וואָס האָט איר עס פאַרלאָזן ביז אַהער?

מלך

וואָס רעדט איר, דאָקטאָר. אַזאַ אומגליק. אַז מיר זענען אָרעמע לייט, דאָקטאָר. בעטלער. מיין טאַטע איז געבען בלינד אויף ביי-

דע אויגן, און איך... (מיט טרערן) מיר שטרעקן אויס די האַנט פּאַר מענטשן, מיר בעטלען אויס אונזער שטיקל ברויט. ווער עס האָט אַ גוט הארץ, גיט אַ נדבה אַ קאַליקע ... שוין פינף יאָר ניט פאַר אייך געדאַכט, אַז ביידע פיס האָבן מיר אָפּגענומען. ביי וועלכע דאָקטוירים בין איך שוין ניט געווען... ניטאָ קיין תרופה ניטאָ... אייביק וועל איך שוין מוזן אָט אזוי פינסטערן אויפן וועגעלע. אייביק... היינט די ווייטאָקן מיינע. וואָס איך לייד — גאָר ניט פאַר מענטשלעכע כוחות... און מיין איינציקער זון איז אויך ניט קיין געזונטער. בעטלען מיר אונזער שטיקל ברויט. עסן אים מיט טרערן...

חיים

מיט פאַרשטיקטן קול, פּלאַצט ארויס

בענוג זאָל שוין זיין!

דאָקטאָר

וואָס?

מיכה

חיים, זון מיינער, גאָט איז מיט דיר.

מלך

נעמט ניט פאַר אומגוט, דאָקטאָר, זיינע רייד... ער איז צעטומלט אַ ביסל — — מאַטערט זיך נעבעך, מיין איינציק קינד, קומט אָפּ ביי זיין טאַטן דעם קאַליקע. — —

דאָקטאָר

נו גוט, פּאַרן וויזיט וועל איך ביי אייך ניט נעמען. וועל זען מען זאָל אייער פרוי נאָך היינט צונעמען אין האָספּיטאָל.

מ ל ך

זאָל איך גאָט בענטשן, דאָקטאָר.

דאָקטאָר אָפּ, מלך קריכט אַרונטער פֿון װעגל — סװיטשהײגן —

מ ל ך

צו חײמן

נו, זאָל איך דיר ניט געבן אין באַק, הא?

ח יי ם

שלאָג, שלאָג.

מ י כ ה

מלך!

ח יי ם

אויב די מאַמע װעט שטאַרבן, און דו — — — —

מ ל ך

װאָס איך? —

ח יי ם

דו ביסט שוין רײך. דו מאַכסט אַ סך געלט. אַ גאַנץ שטאָט בעט-לער אַרבעט פֿאַר דיר. נאַרסט אַ גאַנצע װעלט.

מ ל ך

איך נאַר? מלחמה פֿיר איך מיט אַ װעלט. מלחמה.

ח יי ם

פֿיר, טו װאָס דו װילסט. אָבער — דיר גלוסט זיך שוין אַ שײנע װײב, איך װײס דאָס... און די מאַמע איז אַ מיאוסע... האָסט געלט — װילסט שוין אַן אַנדער װײב, איך װײס דאָס . . . װילסט זי זאָל שטאַרבן.

### אַ קול פון צימער

חיים, מלך.

**מיכה**

רבקה רופט.

**חיים**

גיי אַריין צו דער מאַמען. זי שילט דאָך דיך מיט ביטערע קללות. גיי בעט זי איבער. גיי, זאָג איך — גיי, הער, ווי זי שילט דיך... מיט פאַרשטיקטן האַלדז זי ליגט אין שמוץ, ווי אַ נבלה. מען זעט שוין קיין פנים ניט. אין אַזאַ שמוץ?

לויפט אַרויס פון שטוב. מיכה איילט אַריין צום חולה

**מלך**

פאַלט צו מיטן קאָפּ צום טיר פון חולה, רעדט מיט אַ קרומען שמייכל

שילט זיך ניט, רבקה, שילט ניט... דער דאָקטאָר וועט באַלד נאָך אַמאָל קומען... און אפשר — שילט, שילט... פאַרשילט מיך — אַ פינסטערער פייער ברענט אין מיר, אַ פינסטערער פייער... איך זאָל ניט אויפשטיין פון וועגעלע, זאָגסטו — הלוואי הלוואי, הלוואי— —

לאַנגע פּויזע

**מיכה**

קומט אַרויס

שאַ, זי איז איינגעשלאָפן, שאַ.

**מלך**

נעם אים צו, דעם שטומען, פון דאַנען. זאָל ער דאָ ניט ליגן.

**מיכה**

באַטראַכט דעם שטומען — רופט אים מיט די הענט: — יאַ־נער הייבט זיך אויף און גייט. ביידע אָפּ

עס קומט אַריין די אַלטע ה י נ ד ע, איבער זיבעציק, אָבער נאָך אַ גאַנץ באַוועגלעכע זקנה. אין האַנט טראָגט זי אַ שטייגל מיט אַ קאַנאַריקל און מזל־קוויטעלעך. נאָך איר גייען מיט דרייסטע טריט צוויי מיידלעך אין עלטער פון דרייסיק. איינע מ י ר ל מיט אַ געשטופּלטן קרענקלעכן פּנים, די צווייטע י ע ט ע, אַ העכערע, אַ שלאַנקערע, אַ שענערע. ביידע אָבער זענען זיי אָפּגעריסענע, אויסגעוואַלגערטע, ווי מען זעט אין גאַס, הונגעריקע און דערפרוירענע. זיי קומען אַריין דערשראָקענע און רעדן קיין וואָרט ניט. קוקן זיך אַרום

## ה י נ ד ע

אַ גוטן אָוונט, אייך, אַ גוטן אָוונט. אָט האָסטו דיר צוויי פאַרדינערינס, מלכּקע. צו די מיידלעך האָט ניט קיין מורא, קינדערלעך. אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ דימענטענער מענטש ער איז, אונזער מלכּקע. טאַקע אַן אמתער מלך, קינדערלעך — ווען ניט ער — צו מלכּן הערסטו, טאַטעלע; אָט די צוויי קינדערלעך זענען נעבעך, הונגעריק, האָבן קיין היים ניט. אויפן גאַס שלאָפן זיי. אין פּאַרק. עלנטע נעבעך, יתומימלעך — איך זע — זיי שטייען ביידע אינמיטן גאַס, אין דער פינסטער, טוליען זיך און וויינען. און איך דער נאַר, זע ניט, קום צו צו זיי מיט מיין פייגעלע און בעט אַ נדבה ביי זיי — און דאָ שטייען זיי און ווילן גאָר אַליין בעטן ביי עמעצן אַ נדבה — און האָבן מורא. דערציילן זיי מיר. זאָג איך צו זיי: קומט קינדערלעך צו אונזער מלכּן —

## מ ל ך

אָנגעכמאָרעט

איז וואָס=זשע ווילסטו זאָל איך טון מיט זיי, הינדע ?

## ה י נ ד ע

וואָס הייסט ? וואָס פרעגסטו עפּעס, מלכּקע ? גיב זיי קאַנאַריקלעך.

מלך

ווייסט דאָך, איך דאַרף עלטערע מענטשן, אָדער קריפּלס. זיי ווילן דען זיין בעטלערינס? האָסט זיי געפרעגט?

הינדע

אודאי ווילן זיי. וואָס הייסט? אַ גייע חרפּה. וואַלגערן זיך אין פּארק איז בעסער... איר ווילט דאָך, יאָ קינדערלעך.

יעטע

וואָס דאַרפן מיר טון?

הינדע

איך האָב דיר דאָך געזאָגט. טאָכטערל.

מלך

אומגערן

מאָנסבילן דאַרף איך. מאַנסבילן איז עפּעס אַנדערש, און אויב חייב־לעך איז עלטערע.

הינדע

איז וואָס, מלכקע, וועלן זיי זיך אָנטאָן פאַר אַלטע, ניט אַזוי טאָב־טערקע?... און גיב זיי קאַבאַריקלעך, גיב זיי.

יעטע

צעלאַכט זיך

פאַרשטעלן זיך פאַר אַ באָבע... הערסט מירל.

מלך

נו, זעסט דאָך, זי לאַכט גאָר... ניין, איך דאַרף זיי ניט... ניין, ניין איך דאַרף מאַנסבילן... צו מיר, אַז מען קומט אָן, דאַרף מען שוין בלייבן — בעטלען אויף די גאַסן איז אַ מלאכה. מען דאַרף עס קענען.

ה י נ ד ע

אודאי קינדערלעך, מען דארף קענען. ס'איז ניט ווי א מאָל, טייערינקע, היינט איז אַנדערש. אינדערהיים, אין אַ גויט נעמט מען זיך אַ טאָרבעלע און מען גייט איבער די הייזער — איינער גיט אַ שטיקל ברויט, איינער — אַ שטיקל חלה — דאָ טויג עס ניט, קינדערלעך. דאָ האָט מען ניט ליב, אז מען קלאַפּט אין די טירן. און מיט טאָרבעלעך טאָר מען אויך ניט ארום־יין — אויף די געסלעך שטייען מיר, ווער מיט אַ קאַנאַריקל, ווער מיט בלייפעדערן — ניט שטיקעלעך ברויט נאָר מזומן, און פּאָליציי זענען דאָ וואָס לאָזן ניט שטיין, דארף מען נאָר זאָגן: „מלך״ — איז שוין גוט, מיינע טייערע. און אמאָל טרעפט, אַז די אייגענע ברי־ער בעטלער מאַכן צרות, אמאָל גיט מען אַ קלאַפּ אויך, דארף מען ווידער זאָגן דאָס וואָרט: „מלך״ איז שוין ווידער גוט

מ י ר ל

ווער גיט זיך קלעפּ? פאַרוואָס?

י ע ט ע

איך וועל געבן צוריק.

מ ל ך

שמאָלץ

מיינע מענטשן טשעפּעט קיינער ניט.

מ י ר ל

אָבער פאַרוואָס זאָל מען גאָר שלאָגן?

ה י נ ד ע

דו רעדסט ווי אַ קינד. מען שלאָגט און שוין. פאַראַן אזוינע וואָס ווילן שלאָגן. פאַרוואָס? ווער ווייסט פאַרוואָס? מען שלאָגט — און שוין —

מ ל ך

שווייג, הינדע צו די מיידלעך איר האָט עמעצן אין שטאָט?

ע ט ע

מיר זענען פרעמדע דאָ.

מ ל ך

האָט איר שוין געפּרווט ווען אויסשטרעקן אַ האַנט נאָך אַ נדבה?

מ י ר ל

יאָ, געפּרווט אַמאָל...

וויינט

מ ל ך

נו. וויינט זי גאָר... ניין, איך דאַרף אייך ניט —

י ע ט ע

מיט כּעס

הער אויף וויינען.

מ ל ך

שטרענג

צו מיר, אַז מען קומט אָן איז — אַהאַ. — אויף מיינס אַ פּלאַץ דאַרף מען קענען גוט בעטלען... דאָרט דאַרף מען אַמאָל אַ וויין טון אויב ס'איז נזיטיק — איז דאָרט דאַרף מען טאַקע קיין טרער נישט זשאַלעווען. די יאָלדן — די נדבה-געבער האָבן ליב אַ טרער, אַ חלירע זיי אין די זייטן. און אַמאָל האָבן זיי ליב אַ כּליפּ, אַ שלוכץ, אַ קרום טון דאָס פּנים, איז דאַרף מען זיי דאָס געבן... צו מירלען ניין, דו קענסט ביי מיר ניט זיין. עס פעלן מיר נאָך ווייבער זאָלן מיר דעם קאָפּ פאַרקלאָגן... ניין, ניין.

מירל

איך וועל ניט וויינען מער.

מלך

נאָך אַ פּויזע באַטראַכט לאַנג יעטן, זי געפעלט אים ווייזט אויס, ענדערט מיט אַמאָל זיין האַלטונג צו איר

דו — יאָ. אויב דו ווילסט פאַרבלייבן — בלייב. אויף מירלען און זי דאַרף איך ניט.

יעטע

וואָס הייסט ? זאָל זי אויך בלייבן.

הינדע

יאָ, מלכקע, נעם זיי ביידן.

מלך

אַ ישובן זיך מיט התראה

אָבער אַלץ, וואָס איר זעט דאָ — קיין פּיפּס ניט פאַר קיינעם. צו יעטן אַליין צווישן מיינע לייט זענען קיין ייִנגע פרויען ניטאָ. אָבער עס וועט זיין גוט. זייער אויפגעלייגט פאַרשטייסט ? ווי רופט מען דיך ?

יעטע

יעטע.

מלך

וועסט פּרובירן אַ פּאָר טעג, דערנאָך וועלן מיר זען... ס'איז דאָ אַ סך אַרבעט ביי מיר. דעם דאַרפן צופירן, דעם דאַרף מען אַוועקפירן. און אַז דו וועסט זיין אַן אייגענער מענטש, פאַרשטייסט וועסט, זיין גוט. ביי מיר אַרבעטן שוין פופציק לייט, פאַרשטייסטו... נעם זי דערווייל צו זיך, הינדע, דערנאָך וועלן מיר זען.

### ה י נ ד ע

קומט, קינדערלעך. איין צימערל ביי מיר, איין בעט. ווען מיר אויף דר'ערד, קינדערלעך, אַ פּלאַץ געפינען. און אַ טעפּעלע טיי אויף אָפּקאָכן, און אַ שטיקעלע הערינג. און מאָרגן, אם-ירצה-השם, וועט שוין מלכקע באַזאָרגן — וואָס מאַכט רבקה, מלך?

### מ ל ך

שלעכט, הינדע, שלעכט.

אין דערצייט קומט אַריין י ו נ ה

### ה י נ ד ע

אָט איז יונהלע אויך. אַ גוטן אָוונט, יונהלע. קוקט אַריין אין שטייגל דרייט מיטן קעפּל, וויל אַ טרינקעלע, שפּייזערל מיינס? נעמט אַרויס דאָס פייגעלע, גיט עס טרינקען דורכן מויל טרינק, טרינק, גוהתל. צו די מיידלעך קומט, מיינע קינדערלעך. אָפּ מיט די צוויי מיידלעך. קערט זיך אום צוריק אַליין אי, מלכקע, גאָר פאַרגעסן — קומט דאָך מיר עפּעס, אַ? אַ האַלב דאָלערל כאָטש —

### מ ל ך

שרייב איר צו, יונה, אַ האַלבן דאָלער.

### ה י נ ד ע

לאַנג לעבן זאָלסטו.

אָפּ

### י ו נ ה

בייע?

### מ ל ך

יאָ.

יונה

גאָר מיידלעך?

מלך

ניט דיין עסק.

יונה

איך מעג דאָך אָבער זאָגן. ייִנגע פרויען — קריפּלס איז — פאַר־שטיי איך, אדרבא. אָבער אַזויגע? ווי די מיט די אייגעלעך — וואָס וועט זיי עפּעס געבן?

מלך

אויפגעלייגט, נייט איבערן שטוב

איך ווייס, וואָס איך טו — פויזע. מלך ווייבער האָסט געבראַכט דעם צעטל?

יונה

געבראַכט.

נעמט אַרויס אַ לאַנגן פּאַפּיר

מלך

דאָס געלט, וואָס איך וועל הייַנט איינקאַסירן, דאַרפן אַרייַנלייגן אין אַ צווייטער באַנק — איין באַנק איז ניט גוט. ווי זאָגסטו?

יונה

אודאי, איין באַנק איז ניט גוט.

מלך

קוקט אַרייַן אין צעטל

איז וויפיל האָבן מיר לייט?

יונה

פיר און־פֿערציק.

מלך

שוין מיטן שטומען?

יונה

מלך

און מיר געפֿעלט ניט דער שטומער. איז ער טאַקע טויב אויך? ער איז מיר עפּעס צו גוט. וויפֿיל ער מאַכט, ברענגט ער און גיט מיר אַוועק. אײַנגאַנצן. וויל פֿאַר זיך קיין פּרוטה ניט. אַזוי־נער געפֿעלט מיר ניט.

יונה

אַ חסרון — די כּלה איז צו שיין

מלך

ניין, ער געפֿעלט מיר ניט. וויפֿיל בלינדע האָבן מיר, אמתע?

יונה

ניין.

מלך

דאָס אַלץ? און אמתע קריפּלס?

יונה

פֿינף.

מלך

ווייניק. וואָס מער בלינדע און קריפּלס, מען דאַרף זוכן. ס'איז דאָ געווּב

קאַליקעס, הויקערס, יתומים, ממזרים, פאַרשטיִיסענע, פאַרשלאָגע־
נע אין די הונדערטער. דאַרף מען זיי קריגן. זיי וועלן נאָך
דאַנקען. דריי הונדערט לייט זאָלן אַרבעטן ביי מיר, דריי הונ־
דערט.

יונה

איך וועל זיך סטאַרען.

מלך

און איך האָב נאָך פּלענער — צעשיקן איבערן שטאָט בלינדע
פידל־שפּילער, בלינדע זינגער מיט פייקלעך, מיט פייפיאָלן, ראָ־
מאַנסן זאָל מען זיי זינגען אונטער די פענסטער, ראָמאַנסן —
זיי האָבן ליב ראָמאַנסן די יאָלדן, טאָ זאָל מען זיי זינגען אונ־
טער די פענסטער. איך האָב גרויסע פּלענער, יונה, און אויב
דו וועסט זיין אַ מאַן —

יונה

טו איך דען ניט אַלץ, וואָס דו הייסט ?

מלך

צעהיצט זיך

אַ חלירע אין דער וועלטס זייטן אַריין. יונה — אָט מיט דעם
וועגעלע אין אַ פּאַלאַץ אַריין ... וואָס איז ? וואָס לאָזט אַרונ־
טער דעם קאָפּ ?

יונה

דיר איז גוט, דו מאַכסט אַזוּפיל געלט.

מלך

ניט געזאָרגט. איך וועל דיך ניט קריוודען. די בלינדע דאַרף
מען געבן אַ הוספה, ווי זאָגסטו ?

יונה

וועלן שוין די איבעריקע אויך וועלן.

מלך

מיר דאַרפֿן עפּעס טון מיט די קלויסטערס, יונה. מיר דאַרפֿן אַריינ־שטעלן אַ פּוס אין די פּאַרקן, הערסט... שוין עפּעס. קום. וואַרט. איכ׳ל אַריינרופֿן דעם טאַטן. מען טאָר ניט לאָזן אַ חולה אַליין.

יונה

וואָס מאַכט רבקה?

מלך

עט. רופֿט טאַטע, קום אַרויס בייגט זיך איבער זרחן און דער פּאָפּט שוין. ווי נאָר ער זעצט זיך אַוועק, שוין שלאָפֿט ער — עפֿנט די טיר פֿון צימער און רופֿט נאָך אַמאָל טאַטע, איך גיי אַוועק.

מיכה קומט אַרויס און אין אַ מינוט אַרום אויך דער שטו־מער

מיכה

מוזט עס היינט גיין, מלך?

מלך

איך מוז. איך וועל זיך ניט זאַמען. קום, יונה.

ביידע אָפּ

מיכה

פֿאַרשלאָפֿן

עס ברענט ביי אים — אוי, גאָט, גאָט... זרח, זרח? שלאָפֿסט? גייט צו צום טיר פֿון חולה און זי שלאָפֿט אויך. אָטעמט אַזוי שטאַרק. אַ שלאָפֿעניש אָנגעפֿאַלן אויף אַלעמען — און חיים איז נאָך אויך ניטאָ? חיים — זרח! — זרח וועקט זיך אויף, לאַכט וואָס לאַכסטו?

ז ר ח

ס'איז מיר עפּעס פריילעך, זיידע, ווייסט, וואָס מיר האָט זיך געחלומט? אַז איך שטיי אין אַ טיר און קוק מיט זעעוודיקע אייגן... און אַקוראַט אַנקעגן, זע איך, ליגט אַ מענטש, אַזאַ ליכטיקער מענטש, אַזאַ גרויסער, אַ געוויקסיקער, און שאָקלט צו מיר מיטן קאָפּ... אַזאַ גרויסער קאָפּ, אַזאַ ליכטיקער... צו מיר שאָקלט ער, ווינקט צו מיר — כע, כע, כע — דו ביסט שוין לאַנג בלינד, זיידע?

מ י כ ה

וואָסי?

ז ר ח

וואָס ביסטו בייז

מ י כ ה

ביסט אַ שוטה.

ז ר ח

און איך שוין פופצן יאָר... כי, כי, כי...

מ י כ ה

שאַ, דו הערסט רבקהן אָטעמען, דו הערסט.

ז ר ח

הערט זיך אײַן

אוודאי, הער איך.

מ י כ ה

יאָ, יאָ, איך הער אויך.

ז ר ח

וואָסי ?

מ י כ ה

קום אַ קוק טון, זרח. קום אַרייַנגיין, זען וואָס זי טוט.

ז ר ח

וואָס איז צו זען. זי שלאָפט.

מ י כ ה

ס'איז עפּעס שטיל, זרח. זרח, ס'איז עפּעס שטיל.

ז ר ח

שטיל ? הערן זיך בײדע צו טאַקע, ס'איז עפּעס גאַנץ שטיל — בײדע קערן זיך צום טיר פֿון הולה טויט דערשראָקן אוי, איך האָב עפּעס מורא... רבֿקה, רבֿקה...

דער שטומער גייט זיי נאָך

פ אָ ר ה אַ נ ג

# צווייטער אַקט

די זעלבע סצענע. אין פרימאָרגן. אין הויז איז נאָך טונקל. מלך און חיים זיצן שבעה. מיכה, רחאַג: דער שטומער טוען זיך אָן אין זייערע שמאַטעס אַוועקצוגיין בעטלען. אַ חוץ זיי געפינט זיך אין הויז אַ גאַנץ כאַליאַסטרע נאָך בעטלער, מלבס לייט. צוויי אימיטירטע בלינדע, אַ ייד אויף צוויי קוליעס, אַ ייד אויף איין קוליע; אַ פרוי מיט איין האַנט; אַ פרוי מיט אַ האָרב; אַ גרויסער ייד מיט אַ שיינער באָרד ניט קיין קאַליקע; אַ בלינדער אויף איין אויג; הינדע מיט איר שטייגל. זיי אַלע טומל׳ן צווישן זיך; חיים זיצט אויפגערעגט אין אַ ווינקל, איז אָנג כמורעט, זיצט אַזוי ווי אַלץ וואָס אין שטוב טוט זיך, גייט אים ניט אָן. — ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זעט מען די פרוי מיט איין האַנט און די פרוי מיטן האָרב שרייען העכער פון אַלעמען. טענהן קריגעריש צו מלכן

ערשטע פרוי

פאַרוואָס קומט עס מיר, וווּ איז יושר?

מלך

גוואַלט, וווּ איז יונה? איך בין אומגליקלעך — וווּ איז יונה? זינט איך קען פון שטוב ניט אַרויסגיין מאַכן זיי מיך אומגליקליך. מען ראַזאַרעט מיך שפרינגט אויף, גייט אַרום אין די זאָקן לאָמיר הערן, רייד קלאָר.

מ י כ ה

שרייט

איך הער דאָך דו גייסט ארום. זעץ דיך. גוואלט, רבונו־של־עולם, דער ייד שפּילט זיך מיט פייער. דארף זיצן און האָוועט אַרום. וואָס ווילט איר פון אים ?... גוואַלט, יידן, ער דארף דאָך שבעה זיצן.

מ ל ך

אַז יונה פּאָפט נאָך. אַז איך בין אַליין. ניטאָ ווער ס'זאָל מיר העלפן ארויספּראווען זיי... עס דארף דאָך אַ טאָלק זיין. און מיין תכשיט זיצט אזוי ווי ניט אים מיינט מען. צו חיימן גזלן, העלף מיר אַרויס. פאַרשרייב, וווהין זיי גייען. פאַרשרייב.

ח יי ם

קערט זיך ניט אָפּ

נו זעסט דאָך, וואָס זאָל איך טון ?

מ י כ ה

נישקשה. נישקשה, זיי וועלן ניט אַנטלויפן. ניטאָ וואָס צו פאַר־שרייבן.

ש ט י מ ע ן

מיר אַנטלויפן ניט, אודאי.

צ וו יי ט ע פ ר ו י

ס'איז ניט אמת וואָס זי רעדט. ניט אמת.

ע ר ש ט ע פ ר ו י

מיט אָנפאַלן

זי מיינט, אַז יונה נעמט זיך אָן פאַר איר. וועל איך זיך דער־שרעקן. אָט איז מלך, איך וועל ניט פאַרשווייגן.

מלך

אָבער שאַ זאָל זיין. לאָמיר הערן וואָס ווילט איר?

צווייטע פרוי

גרעגד וואָקזאַל איז מיינער. האָסט מיך אַליין, מלך, געשטעלט דאָרט. ס'איז מיין וואָקזאַל... קומט זי צו גיין נעבכן און וויל גאָר ביי מיר צונעמען מיין וואָקזאַל...

ערשטע פרוי

מ'האָט מיך אויף אַ פּוסטן מאַרק אַוועקגעשטעלט... איך בין אַ מאַמע פון אַ קינד —

כליפּעט

צווייטע פרוי

איז וואָס בין איך שולדיק?

מלך

ווו זאָל איך זיך אָננעמען פאַר אַלעמען מיט וואָקזאַלן — אַז אַלע ווילן וואָקזאַלן... זאָל יונה קומען וועלן מיר זען.

ערשטע פרוי

איכ'ל ניט לאָזן. איכ'ל ניט אָפּגעבן.

ערשטער פאַלש־בלינדער

און מיך האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף אַ ליידיקער גאַס.

הינדע

זאָל איך גיין אויף מיין שטענדיקן פּלאַץ, מלכקע?

מלך

וואַרט אַ מינוט הינדע, וואַרט. לאָמיך פאַרטיק ווערן מיט זיי. וואַרט אַ מינוט.

הינדע

וואָס? דו ווילסט ביי מיר צונעמען מיין פּלאַץ?

מלך

שרייט

וואַרט, זאָג איך! איר וועט מיך פּאַרטומלען. אַלע זענען ניט צופרידן. זאָל זיין שטיל.

אַלע ווערן שטיל

ערשטע פרוי

איך בין אַ מאַמע פון אַ קינד...

צווייטע פרוי

אויפן וואָקזאַל, מיינט זי, שיט מען מיך אָן מיט גאָלד...

מלך

גייט אייך דערווייל אויף אייערע פּלעצער. גייט דערווייל. מירן זען שפּעטער. לאָזט מיך נאָר ענדיקן שבעה.

שטופּט זיי אַרויס

שיינע באָרד

ווייבער מוזן זיך שילטן.

מיכה

שרייט

וואָס לאָזט איר אים ניט אַוועקזעצן זיך? ער זיצט דאָך שבעה. גוואַלט, מלך.

מלך

צום טאַטן

מעסט אויפהערן צו שרייען, צי ניין? גיי דיר, וועט שטיל ווערן — גיי אויף לודלאָו ווו נעכטן. גיי אויף לודלאָו.

### מיכה

איכל שוין גיין, זאָרג זיך ניט. שיק זיי שוין אַוועק און זעץ זיך.

### ערשטער פֿאַלש־בלינדער

אַ קלייניקייט, לודלאַוו.

### צווייטער פֿאַלש־בלינדער

הלוואי ניט מען מיר לודלאַוו.

### זרח

און אַז ניט לודלאַוו? ווו איז מיין שטומער? הייס אים גיין, מלך.

### מלך

צום שטומען

וואָס שטייסטו, גיי מאַכט צו אים מיט די הענט. אַלע איבעריקע הייבן אויך אָן צו מאַכן מיט די הענט — ער זאָל גיין — מלך צו זרחן דו וועסט גיין מיט אים צום בריק, זרח.

### זרח

זאָל זיין בריק. זאָל זיין בריק.

### ערשטער פֿאַלש־בלינדער

אַ קלייניקייט, דעם בריק!

### צווייטער פֿאַלש־בלינדער

הלוואי ניט מען מיר דעם בריק!

### הינדע

פֿאַלט אַריין

ווו זענען די מיידלעך, מלכקע. זיי שלאָפֿן נאָך?

מלך

קריך ניט, הינדע.

איין קוליע

זע, ווי זי קריכט עס אים אין די אויגן.

הינדע

בייז

אַ נייער גוט מאָרגן אויף מיר.

מיכה

זיי שלאָגן נאָך, הינדע. מען דאַרף זיי וועקן אַלעמאָל. מירלטן ניט אַזוי, ווי יעטן. די איז ווי אַ קלאָץ פויל, דאַרף מען זיי וועקן.

הינדע

אָפּ אין צווייטן צימער, לאָזט ניט פון האַנט אַרויס דאָס שטייגל; נייענדיק וואַרפט זי נאָך אַמאָל אין דער זייט פון קוליע מיט בייזקייט

אַ נייער שלש־סעודות אויף מיר.

מלך

יונה איז נאָך אַלץ ניטאָ, ניטאָ צו זרחן וואָס טוסטו ניט אָן דאָס שילדל, האַ? אַלע, מיינסטו, ווייסן, אַז דו ביסט בלינד? טו אָן, טו אָן... פון ווייטן דאַרף מען דערזען, פון ווייטן...

זרח

אַ דאגה, אַ דאגה מיינע... קום, שטומער.

מלך

זאָג מיר ניט אַ דאגה מיינע. טו אָן, הערסטו?

### זרח

טוט אָן אויפן האַרצן אַ געדריקט שי׳דל מיט גרויסע ווערטער:
„איך בין בלינד״

נו, שוין גוט? שוין גוט?

### מלך

טוסט עס מיר אַ טובה? געווען... קוקט זיך צו צום שי׳לדל דאָס וואָרט „בלינד״ איז שוין אָפּגעקראָכן. קויף זיך אַ ניי שילדל, הערסט? צום שטומען און דו וואָס? פאַרוואָס טוסטו ניט אָן קיין שי׳לדל „איך בין טויב און שטום״. מענטשן דאַרפן זען מיט די אויגן.: שוואַרץ אויף ווייס, אז ניט גלייבן זיי ניט, די פּאַרכעס! קויף זיך אַ שילדל, הערסט?

מאַכט צו אים מיט די הענט — ער זאָל פאַרשטיין אַז:
אַלע העלפן דערביי אַרוים

### שטומער

מאַכט מיט די הענט און לאַכט מיטן גאַנצן פּנים

### איין קוליע

קוקט אַ מין לאַכן!

### צוויי קוליעס

שוין בעסער, אַז ער לאַכט ניט. עפּעס ניט קיין אונדזעריקער גאַר

### שטומער

פינטלט צו אַלעמען מיט די אויגן. אַלע לאַכן נאָך
שטאַרקער. אפילו מלך לאַכט

### מיכה

אינמיטן דרינען גאָר לאַכן געוומען. אינמיטן דרינען. פּע.

אָפּ אין צווייטן צימער

## מלך

גו, גענוג, גענוג. ווייזט דעם שטומען אויף זרחן און הייסט גיין ע —

דער שטומער לייגט אַרויף זרחם האַנט אויף זיין אַקסל און לאָזט זיך צום טיר. גייענדיק מאַכט ער מיט דער צווייטער האַנט מאָדנע שטומע באַוועגונגען צומעולם, דערהויפּ צו מלכן, עפּעס טייטלט ער, ווייזט אַרויף און אַראָפּ און קיינער פאַרשטייט ניט, וואָס ער וויל. — אָפּ מיט זרחן

## צוויי קוליעס

ניטאָ וואָס צו לאַכן, יידן. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, עפּעס געפעלט ער מיר ניט.

## מלך

ניט געשטאַנען, ניט געשטאַנען!

## צוויי קוליעס

צום וועגעלע האָט ער עפּעס געטייטלט, איך האָב אַליין געזען.

## מלך

צום וועגעלע? צו מיין וועגעלע? וואָס פּלאַפּלסטו? גיי, גיי.

שטופּט אים פון הויז

## צוויי קוליעס

איך וויל עפּעס זאָגן, וואַרט, מלך. איך האָב אַ טענה צו דיר, האָב איך.

## מלך

גיי, זאָג איך!

שטופּט אים מיט פּעס אַרויס

## צוויי קוליעס

אָפּרעדנדיק

איך האָב אַ טענה צו דיר, האָב איך.

מ ל ך

טענות, טענות. גאָר זיי זענען ניט צופרידן... וויפיל זיי מאַכן איז זיי אַלץ ווייניק... גוואַלט, ווו איז יונה? איך וועל מיר אַ מעשה אָנטון צו די צוויי אימיטירטע בלינדע וואָס חילט איר, וואָס בורטשעט איר?

ע ר ש ט ע ר פּ אַ ל ש - ב ל י נ ד ע ר

איך זאָג דאָך, אויף אַ פּוסטער גאַס האָסטו מיך אוועקגעשטעלט, איך מאַך קדחת.

צ ו ו י י ט ע ר פּ אַ ל ש - ב ל י נ ד ע ר

אייגענע מענטשן שטעלסטו אויף גוטע גאַסן. — —

מ ל ך

בעזען, זיי ווילן זיך גלייכן צו אמתע בלינדע... גייט, גייט.

שטופּט זיי אויף אַרויס

א י י ן ק ו ל י ע

און איך וויל אַן אַנדער שותּף, מלך. ווייזט אויפן יידן מיט דער שיינער באָרד איך וויל מיט אים ניט גיין. שיק מיך אַליין. איך קען ניט דערוויין.

ש י י נ ע ב אָ ר ד

הער אים ניט. ער איז אַ רשע.

מ ל ך

וואָס קענסטו ניט דערווייזן?

א י י ן ק ו ל י ע

אַז מען גיט, וועמען גיט מען: מיר, צי אים? אויף וואָס קוקנדיק וועט אים ווער אַ פּרוטה געבן? דאָס גיט מען מיר, ווייל איך בין אָן אַ פוס. איז פאַרוואָס קומט עס אים אַ גלייכער חלק?... מיר לוינט זיך ניט.

### שיינע באָרד

ער איז אַ רשע, ער איז אַ רשע. מיר גיט מען איין. אַ סך יידן שטעלן זיך צוליב מיר אָפּ און קוקן אויף מיר און זיי גיבן — ער איז אַ רשע.

### איין קוליע

שטעל אים אליין אויף אַ פּלאַץ. איכ'ל ניט גיין מיט אים. מיר לויגט זיך ניט.

### מלך

אַז איך האָב אייך געשיקט צוזאמען. מסתמא ווייס איך וואָס איך טו. צום איין קוליע דו מיינסט, אַז דו ביסט מיט איין פוס איז שוין אי, אי, אי... אָבער כ'פנים דיינס, קוקט אָן אַ צורה... איז אַז איך גיב פאַר אַ שותף אַזאַ הדרת-פּנים מיט אַ באָרד, וויל ער נאָך ניט.

### שיינע באָרד

ער איז אַ רשע. ער שלאָגט מיך. ער זידלט מיך.

### איין קוליע

איך דאַרף ניט קיין שותפים. מיר לויגט זיך ניט.

### מלך

שטופּט מיטן פּיס

זאָל מיר זיין שטיל. ס'ט'געזען פאַר די עטלעכע טעג, וואָס איך גיי ניט אַרויס פון שטוב זענען זיי ווילד געוואָרן אַלע. גייט, גייט, קוליע און שיינע באָרד אָפּ, קיק דיק איינער אויפן צווייטן מיט שנאה. מלך זעצט זיך שבעה. צו תיימן נג, ביז וואַנען וועסטו שטומען? ביז חצבען?

חיים

לאָז מיך צורו.

מלך

שוין זעקס מעת־לעת, אַז דו שטומסט. דאַרף דאָך זיין אַ שיעור.

חיים שווייגט. — מלך קען ניט איינזיצן, הייבט זיך אויף, רופט הינדע

און דער טאַטע איז נאָך אויך דאָ? טאַטע! און די מיידן, זיי שלאָפן נאָך? מירל, יעטע?

מיכה

קומט אַרויס

שוין אַוועק דער טומל, אַוועק?

הינדע

קומט אַרויס אַ צעטראָגענע

מלך, איז דאָס אמת, וואָס יעטע זאָגט? דו ווילסט זי אַוועקשטעלן אויף מיין פּלאַץ?

מלך

איך וועל דיך שטעלן אויף אַן אַנדערן. וואָס אַרט דיך, הינדע?

הינדע

פאַרוואָס זאָלסטו עס טון? צונעמען מיך פון מיין ווינקעלע. שוין צוגעוווינט צו אים. אַלע קענען מיך שוין דאָרט. היימישער, מלכקע, און זי איז אַ שלעכטע, יעטע. זי דאַרף עס מיר ניט טון.

מלך

אָבער וואָס מאַכט עס דיר אויס, הינדע?

הינדע

מיט טרערן

אַן עולה, אַן עולה קענגן אַן אַלטן מענטשן.

*עס קומט אַריין יעטע, אַ צעשויבערטע, אין אַ קורץ אונטער־קלײדל, נאָך האַלב פֿאַרשלאָפֿן. — חיים, ווי זי קומט אַריין הייבט זיך אויף פֿון פּלאַץ און טראָגט זיך אָפּ צוזאַמען מיט זיין שבעה־בענקל אין צווייטן צימער אַריין. ער טוט עס דעמאָנסטראַטיוו, ווייל, אַז אי דער טאַטע, אי יעטע זאָלן עס דערפֿילן*

**יעטע**

*גאוהדיק*

קוקט אים אָן, ווי ער אַנטלויפֿט עס. האָט מיך פֿיינט און — פֿאַר־טיק.

**מלך**

*אויפֿגעלייגט אין יעטעס אָנוועזנהייט*

ווערסט זיך צוקוקן צו אַלץ, וואָס מיין חכם טוט.

**הינדע**

אָט אַזוי באַצאָלסטו מיר, יעטעלע?

**יעטע**

איך מיש זיך ניט.

**הינדע**

קינדערלעך קומען צו מיין פֿייגעלע, עס זאָל זיי ציען קוויטשעלעך אַלע קינדערלעך קענען מיך שוין. אַן עולה.

**מיכה**

פֿע. פֿע. איך קען עס ניט פֿאַרליידן. מלך, ס׳איז אַן עולה, פֿע און דו ביסט אַ שלעכטס, יעטע, אַ שלעכטס.

**מלך**

מיש זיך ניט, טאַטע. צו יעטן איכ׳ל דיר געבן נאָך אַ בעסערן פּלאַץ. זאָרג זיך ניט. פֿאַרלאָז זיך אויף מיר, אַז איך זאָג צו —

י ע ט ע

לאַכט

איך האָב אַ שפּאַס געמאַכט נאָר, אַ שפּאַס, וויינט ניט, באָבע.

מ ל ך

טאַ, וויין=זשע ניט, הינדע. גיי, גיי, ה י נ ד ע אָפּ בליפּעט • מ ל ך גייט צו צו יעטן און דו זאָרג ניט, יעטע נאָר אויף אַ קורצע צייט. ווייסט דאָך... און דאָס, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט ברענגען, וועל איך ברענגען.

מ י כ ה

מורמלט

איך זע, איך זע, אַלץ זע איך. און אַלע מיט רשעות נאָר מיט רשעות.

מ ל ך

וואָס זעסטו, וואָס הילסטו?

מ י כ ה

כאָטש בלינד, אָבער איך זע, איך זע.

י ע ט ע

אין אַלץ מישט ער זיך, דער אַלטער,

מ ל ך

זעצט זיך

און וואָס דרייסטו זיך נאָך ארום, טאַטע ?

מ י כ ה

איך גיי, איך גיי. ווו איז מירל? מירל איז אַ טייערס, אַ טייערס.

יעטע

אַבי זי געפעלט אייך?

מיכה

שווייג מרשעת, ניט צו דיר רעד איך *אין טיר* מירעלע, דו קומסט אַרויס, באַלד? פיר מיך אַפּ, מירעלע.

יעטע

פּירלען טוט ווי דער קאָפּ היינט. זי איז נאָך אין בעט.

מיכה

*דערשראָקן*

טאַקע, וואָס־זשע שווייגסטו, מרשעת? *אין טיר — עפנט* מירעלע, וואָס, וואָס איז דיר? פילסט ניט גוט? טאָ זיי אין שטוב, היינט, מירעלע. זאָלסט ניט ארויסגיין — איך וועל אַליין טרעפן.

*אָפּ פון טיר*

יעטע

אַז איר ווילט, וועל איך אייך אָפּפירן.

מיכה

איך וויל ניט זאָלסט מיך פירן. ביסט אַ מרשעת, חיים זאָגט אויך..

יעטע

*איראָניש*

אַזוי צו מלכן און איר מיינט טאַקע, איך וועל גיין מיט אייערע בעטלער שנאָרן לאַפּנ איר'ט נאָך וואַרטן אַ ביסעלע.

*אָפּ צו זיך*

מלך

איך פרעג דיך טאַקע, וואָס טישטו זיך?.. וואָס דרייסטו זיך אַרום?

מיכה

שאַ, אָט גיי איך.

מלך

וואָס טוסטו ניט אָן דאָס שילדל?

מיכה

אָט טו איך אָן, שאַ. שלעפּט ארויס פֿון קעשענע אַ בלעכל און טוט אָן אויפֿן האַלז. ווו איז מיין שטעקן?

מלך

הייבט זיך אויף, דערלאַנגט אים דעם שטעקן

נאַ, נעם... ווו וועסטו אָבער צו אַליין גיין?

מיכה

שוין צייט צו וויסן מיין בלינדן וועג. שוין צייט.

מלך

אפשר וואָלסטו טאקע געוואַרט אויף יעטן? שאַ, ווייסט וואָס גאָר, חילסט פֿאָלגן, טאַטע? נעם מיין וועגעלע?... וואָס? וועסט זיך גוט איינדעקן און יעטע וועט דיך אַוועקפֿירן... ס'מאַכט ניט, טאַטע — נאָך בעסער, וועסט ניט דאַרפֿן שטיין אויף די פֿיס אַ גאַנצן טאָג.

מיכה

מיט שרעק

וואָס? דאָס וועגעלע? וואָס רעדסטו?

מלך

וואָס ביסטו אויפֿגעשפּרונגען? ס'מגעזען?

פֿירט צו דאָס וועגעלע צו מיכהן

### מ י כ ה

דערטאַפּט דאָס וועגעלע און גיט עס אַ שטויס אָפּ פֿון זיך מיט
גרויס כּעס, דאָס וועגעלע גיט זיך אַ ווען אין וואַנט

אויפֿן שקר ווילסטו מיך אַרויפֿזעצן ? אויף דיין שקר ? טפֿו ! גע-
דענק, מלך, קיין גוטס וועט פֿון דעם ניט אַרויסקומען... ס'איז טמא.
שפּילסט זיך מיט אומגליק —

אָפּ אין צאָרן

### מ ל ך

אַליין, אַ געטראָפֿענער, פֿון מיכהס רייד

טמא ? טמא ? אין דר'ערד אַריין — אין דר'ערד אַריין... מורא,
מורא האָבן ? פֿאַר וועמען ? פֿאַר וואָס ? איך טו דען שלעכטס ? ווע-
מען ? נעמט דאָס וועגעלע און שטעלט עס אַוועק אויף זיין פֿריערדיקן פּלאַץ.
זעצט זיך שבֿעה. זיצט און מורמלט מיר'ן זען. אין די אויגן לעק זיי זיך
אַלע; אונטער די אויגן — טייוול. זאָל זיין טייוול. זאָל זיין. הייבט
זיך ווידער אויף, זוכט עפּעס אין זיין מאַנטל וואָס אויפֿן בעט, שלעפּט אַרויס
צוויי עפּל. לייגט איינעם אַריין אין אַ קעשענע צו זיך. דעם צווייטן נעמט ער
עסן מיט כּעס. זעצט זיך צוריק, עסט און רופֿט קענסט שוין אַריינקומען,
חכם מיינער, קענסט שוין אַריינקומען — שטעלט זיך ווידער אויף. צו
צום וועגל זי האָט דאָך מיך געשאָלטן, איך זאָל ניט אויפֿשטיין פֿונם
וועגל. האָט זי מיך געשאָלטן.

זעצט זיך אַריין אינם וועגל מיט דער פּאָזע, ווי ער טוט עס,
ווען ער איז אויפֿן גאַס. — זיצט אַ סעקונדע, שפּרינגט אַראָפּ,
זעצט זיך נאָכאַמאָל — עס קומט אַריין י ע ט ע אָן אָנגעטאָענע
מיט אַ פּאַטשיילע, גרייט צו גיין אין גאַס אַריין. — מ ל ך אין
פֿאַרלעגנהייט שפּרינגט אַרויס פֿונם וועגל

### י ע ט ע

קוקט אים אָן

וואָס טוט איר ?

מלך

פֿאַרשעמט

אָט, אַ שפּאַס אַזאַ. גאָרניט — זיין אַרט רעדן ענדערט זיך, אָנשטאָט זיין שטענדיקער בייזקייט און כמורנעקייט דערהערט זיך אין זיין קול אַ ווייך בעטן אַזאַס, כמעט אַ שטאַמלען, אַן אינערלעכקייט, אַ האַרציק געבעט וואָס איילסטו?

יעטע

דערפֿילט גלייך מלכס אויפֿציטערן; עס טוט איר הנאה, נאָר זי באַהאַלט עס. סטאַרעט זיך אים אַרויסרופֿן נאָכמער

גיטאָ וואָס צו זיצן דאָ.

מלך

האָסט זיך ניט וואָס צו איילן.

יעטע

וואָס מיינט איר? לאָזט זיך גיין — איר מיינט אינדער אמתן, איכ'ל גיין בעטלען?

מלך

אַז ווער רעדט וועגן בעטלען?

יעטע

איך בין ניט קיין שנאָרערין.

מלך

איך ווייס.

יעטע

וואָס ווייסט איר?

מלך

אז איך זאָג, הייס איך וואָס איך זאָג — מעגסט אויסרעדן אַ פּאָר ווערטער. נישקשה. אַז דו ווינסט שוין ביי מיר אין הויז דאַרפסטו זיך ניט האַלטן אַזוי פרעמד.

יעטע

וואָס שטייט איר? איר דאַרפט דאָך זיצן. מען טאָר ניט.

מלך

שוין דער זעקסטער טאָג היינט. ס'מאַכט שוין ניט ...

יעטע

נו, אַז איר האָט ניט מורא.

מלך

וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? איך בין ניט שולדיק, אַז אַ מענטש שטאַרבט.

יעטע

ווערים זאָלט איר עפּעס זיין שולדיק?

מלך

דאָס וואָס איך זאָג ... פּויזע ס'איז דיר גוט צו שלאָפן דאָ?

יעטע

וואָס?

מלך

אַזוי זיך... זאָרג זיך ניט, זאָרג ניט... נו, און די פּאַטשיילע איז גוט, יאָ?

יעטע

יאָ, וואַרעם.

מלך

שוין צוויי יאָר, אַז די פּאַטשיילע ליגט, אָבער זי איז נאָך ניי נײַ.

יעטע

איך האָב עפּעס מורא געהאַט זי צו נוצן נעכטן, אָבער היינט האָב איך שוין ניט מורא...

מלך

פאַרוואָס מורא האָבן?... און — שיק וועל איך דיר קויפן. איך האָב צוגעזאָגט, וועל איך קויפן. פּויזע וועלכע האָסטו ליב? ברוי-נע, יאָ?

יעטע

יאָ, ברוינע.

מלך

וואָס-זשע שטייסטו? — זעץ זיך.

יעטע

איך האָב מורא פאַר אייער היימען. ער וועט דערזען אויף מיר די פּאַטשיילע.

מלך

זאָל ער פּרווון דיר עפּעס טון — איך בין דאָ דער באַלעבאָס... וואָס? פאַרוואָס זאָל אַזאַ פּאַטשיילע ליגן און פוילן, אַז מען קען זי טראָגן, — פּויזע זעץ זיך צו. וואָס דאַרפסטו שטיין?

י ע ט ע

ס'איז מיר הייס, טאַקע.

וויקלט זיך אָפּ, זעצט זיך אויפן בעט

מ ל ך

דרייט זיך אַום אין די זאָקן

וועלן דורכגיין אַ פּאָר טעג, וועט זיין גוט. איך ווייס דאָך, ס'איז
ניט פאַר דיר. איך האָב דאָס גלייך געוווּסט.

י ע ט ע

וואָס האָט איר געוווּסט?

מ ל ך

אַז דו קענסט ניט זיין קיין בעטלערין — דו ביזט אַן אַנדערע —
איך ווייס . . . מירל מאַכט ניט אויס — אָבער דו ניט — דערווייל
ביי זיך... זאָלן מענטשן ניט רעדן — ס'ט'זיין גוט.

י ע ט ע

וואָס מיינט איר?

מ ל ך

נאָך אַ כוויזע

איך מיין דו — פּלאָנטערט זיך אַז מ'איז אַן עלנטער — ווי אַ שטיין
איז מען עלנט... אָן זיצט ער דאָרט, מיין תכשיט און האַלט זיך
אין איין כעסן — און אַלע. מע, פאַרגינט מיר ניט...

י ע ט ע

טאַקע אמת, וואָס זיי זאָגן, אַז איר האָט אַ סך געלט?

מ ל ך

קוקט אויף איר לאַנג

יי זאָגן? אודאי, אודאי. אַ סך — פאַר דיר וועל איך ניט לייקע-
בען — און אַז ס'וועט קומען די צייט...

י ע ט ע

װעלכע צייט דאַרף קומען?

מ ל ך

שטאַמלענדיק

עס װעט קומען... קומען... איך אַליין דאַרף געלט, מיינסטו? אָבער װער ס'װעט זיין אַ פריינט צו מיר, אַן אמתר פריינט — איך אַליין דאַרף גאַרנישט — איך בין אַ בעטלער, אַן אָרעמאַן. פויזע װעלכן נומער שיך טראָגסטו?

י ע ט ע

האַ, װאָס? זיבן, דאַכט זיך, זיבן.

פויזע

מ ל ך

אז עס װילט זיך אַמאָל דאָס האַרץ אויסרעדן... ניטאָ פאַר װעמען... נו, זאָג אַליין, יעטע, װאָס בין איך שולדיק, אַז רבקה איז געשטאָרבן? זאָג.

י ע ט ע

װער זאָגט איר זענט שולדיק?

מ ל ך

ער, ער... אָן זיצט ער דאָרט און שװייגט. װאָס האָב איך געקענט טון? אַז אַ מענטש האָט אַ האַרץ-פעלער, און מיר זענען אָרעמע לייט, זענען מיר. זעצט זיך נעבן יעטן, טענהט זאָג —

י ע ט ע

קוקט

װאָס איז מיט אייך? װאָס שטאַמלט איר?

מ ל ך

דו האָסט דאָך געזען, זי איז געװען אַזאַ, איך מיין, רבקה, מיט

רויטע פרישטשעס אויפן פנים און מיט דער בעלמע אויפן אויג... דערהויפט די בעלמע... און די רעכטע האַנט האָט זיך געהאַלטן ביי איר אין איין אומשאָקלען... און אָפּגענומענע געווען — פאַר־שטייסט — אַ גאַנץ לעבן אַזוי...

יעטע

הערט אויף.

מלך

און שטענדיק אין איין קרענקן געהאַלטן. צוויי יאָר צייט פון בעט ניט ארונטער — האַלט ער אין איין שרייען, אַז איך האָב געוואָלט זי זאָל שטאַרבן — וואָס זאָגסטו, הא? וואָס בין איך שולדיק?

יעטע

איכ׳ל גיין — אַ גוטן.

מלך

אַ גוטן, אַ גוטן. שטייט אַ פאַרלוירענער, גייט צו זיין פלאַץ, ועצט זיך אוף רערט דאַכט זיך, זיבן האָט זי געזאָגט... נומער זיבן, דאַכט זיך — רופט חיים! אויפן קול חיים!

חיים

קומט ארויס מיבן קעסטל אין האַנט

וואָס ווילסטו?

מלך

וואָס איך וויל? וואָס זאָל איך וועלן? מעגסט שוין זיצן דאַ, מעגסט שוין חיים ועצט זיך אוועק אפשר וואָלסטו אַרויסגעגאַנגען קויפן עפעס אַ ביס צו טון. גיי קויף אַ ברויט כאָטש, אַ הערינג, אַ ביסל מילך. די נשמה אַ ביסל אָטכיען —

חיים

איכ׳ל ניט גיין.

מ ל ך

ווילסט דאך אויך עסן?

ח יי ם

איך בין זאט.

מ ל ך

עקשן, וואס האסטו צו מיר? עקשן, פויגע. שלעפט ארויס פון קעשע נע דעם צווייטן עפל נא, עס אן עפל. חיים רירט זיך ניט. עס, זאג איך ביזט דאך הונגעריק.

חיים נעמט ניט

מ י ר ל

קומט ארויס, א געפאלענע ביי זיך

אפשר קען מען אויפקאכן א ביסל טיי?

מ ל ך

גיי, זע, אויב מען קען, קאך. האב שוין אונז אויך אין זיבעטן פארשמאכט בין איך, אט ווי דו זעסט, פארשמאכט. וואס טוט דיר ווי?

מ י ר ל

דער קאפ טוט וויי.

מ ל ך

ניט פריינטלעך

זע, עס זאל איבערגיין. א טאג צערייבסטו. צו חיימן נו, פארוואס שליידערסטו זיך ניט ווען זי איז דא?

מ י ר ל

וואס?

מ ל ך

ניט צו דיר רעד איך.

מ י ר ל

איך בין ניט שולדיק, אַז דער קאָפּ טוט ווײ.

אָפּ

ח יי ם

ניט אויפהײבנדיק דעם קאָפּ

פאַרוואָס קויפסטו איר ניט קײן שיך?

מ ל ך

אַז איך וועל וועלן, וועל איך קויפן.

ח יי ם

שײנע פּנימלעך זוכסטו. פּויזע צו וואָס האָסטו אַרײנגענומען די מײד־לעך? אויף וואָס דאַרפסטו זײ?

מ ל ך

שווײגט, אין אַ ווײלע אַרום

עסט דאָך גאָר ניט די גאַנצע טעג. נעם דעם עפּל, זאָג איך.

שפּרינגט אויף מיט אַ ווילדן געשרײ, טוט אַ זעץ מיטן קעסטל אָן דער ערד:

עס דעם עפּל, זאָג איך, אַז ניט וועל איך דיר — ח יי ם זיצט פאַר־עקשנט. מ ל ך זעצט זיך צוריק אַוועק און שילט צדיק מײנער, אַ בראָך דיר אין די בײנער אַרײַן.

מ י ר ל

לויפט אַרײַן מיט שרעק

וואָס איז דאָ?

מ ל ך

בײ צוריק, גײ. ניט דײן עסק. מ י ר ל אָפּ — פּויזע — אַז איך וועל

אָבער אַרויס פון געדולד אינגאַנצן, וועט זיך טון חושך... וואָס בין איך שולדיק, אַז מען שטאַרבט — וואָס? זי האָט דאָך מיך געשאָלטן, האָט זי מיך — און וואָס אַרט דיך מיין געלט, וואָס אַרט דיך? א י ך  ו י ל  ז יין  ר יי ך — איך וועל אַלץ טון! איך מעג אַלץ טון! א י ך  מ ע ג. ווייל שוין פופציק יאָר, אַז איך בין אַ הונט אויף דער וועלט. אַ נכנע, אַ שטיק בלאָטע.. מעג איך אַלץ.. און דיר וועל איך מיטן קאָפּ אין טיר געבן. איך געפעל דיר ניט —גיי פון דאַנען, ביי!

ח יי ם

איך וועל טאַקע אַוועקגיין.

מ ל ך

און אַז דעם טאַטן געפעלט ניט ביי מיר, זאָל ער אויך גיין. גייט!

עס קומט אַריין י ו נ ה. גאָר, גאָר אַן אַנדערער ווי ער האָט אויסגעזען אין ערשטן אַקט. דאָס זעלבע אָנטועכץ, אָבער זיין האַלטונג איז שטאָלץ, קאַלט, דער קאָפּ הויך, אפילו דער האָרב, דאַכט זיך איז קלענער געוואָרן. פון צייט צו צייט פאַרגעסט ער זיך און גיט אַ ציטער פון מלכס אַ געשריי, אָבער ער כאַפּט זיך גלייך און קריגט ווידער זיין שטייפן, קריגערישן פנים

מ ל ך

דערפילט די מינוט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. — מאַכט זיך קיין זאַך ניט פאַרשטייענדיק

ע, ער איז דאָך שוין דאָ, דער פּריץ, שוין דאָ.

י ו נ ה

פרעמד

וואָס איז אַזוינס, ר' מלך?

מ ל ך

וואָס איז עס פאַר אַ טאָן? האָרבל?

יונה

אַנוּ, זאָג נאָך אַמאָל האָרבל מיט אַן איסגעשטרעקטע פויסט אַנוּ, פּרוּוו, זאָג נאָך אַמאָל!

מלך

דעריש־עקט זיך פון יונהס אויסזען

יונה, ביזט ביים זינען?

יונה

סאַרקאַסטיש

יונה פירט שוין ניט דעם מלך אויף דער מלוכה. יונה קען דער־ווייזן אַליין אויך צו זיין אַ מלך...

מלך

חיים, דו הערסט, וואָס ער רעדט, דו הערסט? צו יונהן וואָס ווילסטו? לאָמיר הערן. איך פאַרשטיי ניט.

יונה

וועסטו פאַרשטיין. איך וויל ניט זיין מער קיין אונטערשטופּער ביי דיר.

מלך

איך וועל אויסקומען אָן דיר.

יונה

אַזוי? פאַרנייגט זיך אַ שיינעם דאַנק דיר, פאַני מלך... איך בין דיר אָבער געקומען זאָגן אַ בעסערע בשורה.

מלך

וואָס?

יונה

איך ווייס דאָך וויפיל געלט דו האָסט שוין אין די בענק. איך האָב

דיר אין אַלץ געהאָלפן אין אַליין האָב איך קדחת... פון טויטע און פון לעבעדיקע געריסן... ווי אַזוי? פאַרוואָס? ווי אַזוי האָב איך עס ביז היינט ניט געזען?... פאַרוואָס קומט עס דיר?
כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ ווער ביזטו?

מלך

האָסט זיך צו שפּעט אַרומגעזען, יונה.

יונה

ביין, ניט שפּעט. וועסט מיר געבן אַ העלפט. וועסט געבן.

מלך

חיים, דו הערכט, וואָס ער רעדט? אַ העלפט וועל איך אים געבן!

לאַכט

יונה

פאַרייד ניט די ציין. זיי, די יידן אונזערע, קענען מיינען, אַז דו ביזט טאַקע שטאַרק און זיי האָבן מורא פאַר דיר. זיי מיי־נען טאַקע אינדער אמתן, אַז דו קענסט באַשיצן אָדער באַשטראָפן. איך אָבער ווייס דאָך דעם אמת...

מלך

וואָס ווייסטו?

יונה

איך ווייס דאָך, אַז ס'איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר דיר... איך קען אויך זיין ווי דו. אויב דיר קומט, וויל איך, אַז מיר זאָל אויך קומען.

מלך

ער איז משוגע געוואָרן. ניט אַנדערש.

יונה

איך וויל ניט מורא האָבן פאַר דיר מער, איך וויל ניט.

מלך

וועסט גאָרנישט אויספירן.

יונה

וועט זיין מלחמה, געדענק, מלך.

מלך

מלחמה? דו מיט מיר?

לאַכט

יונה

וועט זיין מלחמה. איך וועל אַליין קריגן לייט. וועל קריגן מער נאָך וויפיל דו האָסט. און איך וועל פאַרנעמען גאַנץ שטאָט. איך וועל פאַרנעמען אַלע, אַלע פּלעצער, און מיר וועלן זען. גאַנץ שטאָט וועל איך פאַרנעמען, בלוט וועט זיך גיסן.

אָפּ

מלך

ווי אַ געביסענער

דוס'ט געהערט? דוס'ט געהערט? און דו שווייגסט? צו חיימן אַ גלייכן חלק וויל ער.. וועסט דאָך אודאי זאָגן, אַז ער איז גערעכט... מיט געשריי גערעכט? קומט אַ יונה און וויל אַ חלק... ער האָט דאָך ניט אַזאַ תכשיט ווי דו ביזט — איז פאַרוואָס קומט אים, הא? און קיין ווייב איז ביי אים אויך ניט געלעגן צוויי יאָר אין פוילן בעט. און קיינער איז ביי אים ניט געשטאָרבן, און קיינער האָט אים פאַרן טויט ניט געשאָלטן — און פאַרוואָס קומט אים. הא? ווי זענען מיינע שיך?..: מיר וועלן

זען. ווו זענען מיינע שיך? געפינט זיינע שיך, טוט זיי אָן שנעל, די הענט ציטערן אַזש, ער לויפט אַרויס פון הויז שרייענדיק מיר׳ן זען.

מ י ר ל

לויפט אַריין אַ דערשראָקענע

וואָס טוט זיך דאָ? ווהין איז אייער טאַטע אַרויסגעלאָפן מיט אַזא אימפּעט? אינמיטן שבעה? —

ח יי ם

זאָל ער לויפן, זאָל ער לויפן צעלאַכט זיך אַ צווייטער מלך געקומען איין מלוכה און מלכים ווילן אַלע זיין — וועט מען זיך שלאָגן...

מ י ר ל

וואָס זאָגט איר?

ח יי ם

ס׳איז גאָרנישט ווערט, גאָרנישט. נו, אייך טוט נאָך וויי דער קאָפּ?

מ י ר ל

אַ ביסל בעסער. איר ווילט ניט קיין גלאָז טיי?

ח יי ם

ניין, איך וויל נישט.

מ י ר ל

אייער טאַטע איז אויף מיר בייז. וואָס האָט ער צו מיר ח יי ם שווייגט ער וויל מיך דאָ ניט האָבן — איך זע עס — און — יעטע איז שוין אויך אַנדערש צו מיר.

צעוויינט זיך

ח יי ם

וואָס וויינט איר?

מ י ר ל

נאָר דער זיידע אייערער איז גוט צו מיר, מער קיינער ניט.

ח יי ם

איך טו אייך דען שלעכטס ?

מ י ר ל

אַז איר שווייגט אַלעמאָל. דאַכט זיך מיר, אַז איר זייט אויף בייז.

ח יי ם

איך האָב פיינט יעטן· אַ גאַנצע באַלעבאָסטע דאָ געוואָרן. וואָסי ? ווייל זי האָט אַ שיין פנימל ? —

מ י ר ל

וואָס איז זי שולדיק ?

ח יי ם

שפרינגט אויף

מען דאַרף דאָ ניט קיין שיינע פנימלעך —

מ י ר ל

דערשראָקן פאַר זיין טאָן

וואָס איז מיט אייך, חיים ?

ח יי ם

צו צו מירלען

מיין טאַטע איז אַ גביר היינט — ווייסט איר ? מיין טאַטע האָט מער פון צוואַנציק טויזנט דאָלער אין די בענק.

מ י ר ל

שמעלט אוים אַ פּאָר אויגן

איר מאַכט פון מיר חוזק ?

ח יי ם

נו, זעט איר, איר ווייסט ניט, אָבער זי יעטע, זי ווייסט שוין. זי האָט גלייך דערשמעקט. ווי אַזוי? מיט די אייגעלעך אירע. מיט אַלים וואָלט איך איר אָפּגעגאָסן איר שיין פּנימל.

מ י ר ל

אוי, וואָס רעדט איר?

ח יי ם

זעצט זיך און זיצט פאַרוונקען. שפּרינגט ווידער אויף.

זי לאַכט שוין אויף פון מיר. ערשט צוויי טעג דאָ און זי לאַכט שוין אָפּ. פויזע אַזוינע מיידלעך ווי זי, וואָס דאַרפן זיי דאָ? מער ניט זי האָט דערשמעקט, אַז דער טאַטע האָט געלט... און ער לעקט זיך שוין צו איר. שיך וויל ער איר שוין קויפן, און דער מאַמען קיין דאָקטאָר האָט ער ניט געוואָלט ברענגען. ער האָט געוואָלט זי זאָל שטאַרבן.

מ י ר ל

איר מיינט אמת?

ח יי ם

זינט אין אים איז אַריין דאָס משוגעת רייך צו ווערן, איז אַ שטילער מענטש געווען, אַזאַ פרומער... מיט קיינעם ניט געהאַט צו טון... אָבער זינט אין אים איז אַריין דאָס משוגעת... ביז דער לעצטער מינוט קיין דאָקטאָר ניט געוואָלט ברענגען... אין שמוץ איז זי געלעגן, געפוילט — און אַז איך פלעג וועלן עפּעס טון, פלעגט ער מיך שלאָגן, שלאָגן... ער האָט געוואָלט זי זאָל שטאַרבן. ער ווייסט שוין אויך פון מיאוס און שיין! וויל שוין אויך אַ שיין פּנימל... זאָל ער נאָר פּרוון איר ברענגען שיך! עס אַז מ י ר ל וויל אַריינגיין צו זיך איר גייט אַוועק? מ י ר ל זעצט זיך אויפן בעט און טרערן גיסן זיך איר איר וויינט?

מירל

אייערע רייד מאַכן מיר צום וויינען.

חיים

וואָס האָט איר געטון ביז איצט?

מירל

לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ און שווייגט

חיים

איר ווילט מיר ניט זאָגן?

מירל

הייבט אָן שטאַרקער וויינען

חיים

גייט צו צו איר

אַז איר ווילט ניט דערציילן, וועל איך ניט פרעגן; וויינט ניט.

מירל

איך וועל אייך דערציילן, איר זייט אַ גוטער.

חיים

מען דאַרף ניט, אַלץ איינס.

מירל

איר האָט זייער ליב געהאַט אייער מאַמען?

חיים

ווען זי איז געלעגן אין שמוץ, האָב איך זי נאָך מער ליב געהאַט. איר פּנים איז געווען געשוואָלן, זייער געשוואָלן. פאַרגאָסן, ווען עמעצער פלעגט צו גיין צו איר, פלעגט ער זיך אָפּקערן. ניט געקענט

קוקן. און איך פלעג קוקן און איינבייגן זיך און קושן, גלייך אין בנים. איין אויג אירס איז געווען ווי גלאָז, און דאָס צווייטע רויט, ווי בלוט פווזע, פלוצלינג איך וועל אוועקגיין פון דאַנען, אויף אַלעמאָל.

מירל

וווהין?

חיים

ניטאָ מער קיין אמתע בעטלער דאָ, ניטאָ. אַלע פאַלשע. און דער טאַטע — דער פאַלשסטער... איך קען דאָ ניט זיין מער. איר ווייסט מירל, דער אמתער בעטלער דאַרף טאַקע אויף אַן אמת גאַרנישט. טאַקע קיין זאַך ניט... ער גייט איבער דער וועלט. בלייבט ניט ווינען אין קיין איין שטאָט ניט.. איבער דער גרויסער וועלט גייט ער... ער קלאַפט אָן אין אַ טיר, גיט מען אים אַ שטיקל ברויט.

מירל

פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ, חיים?

חיים

איך בין שוין געגאַנגען איבער דער וועלט מיטן זיידן, מיטן טאַטן, ווען ער איז נאָך געווען אַן ערלעכער בעטלער. איך בין נאָך אַ ייִנגל געווען... ס'איז געווען גוט — גייסט, גייסט. וועלדער, שליאַכן, באַרוועס — און ווינטער קומט מען אַמאָל איבער אין אַ שול, אַמאָל אין אַ הקדש, אַמאָל אין אַן אָסטראָג. אז אַן אָסטראָג מאַכט אויך ניט אויס... עפּעס אַ פרייד אַזאַ. אַ רחבות -- גייסט, דורך אַ וואַלד. דער זיידע און דער טאַטע פאָרויס מיט שטעקנס אין די הענט און איך מיט דער מאַמען אויך מיט שטעקנס. און דאָ? וואָס איז דאָ? ליגן, חרפה. און מען פוילט אויף איין פלאַץ, מען פוילט — מען נאַרט די וועלט...

מען רייסט ביי די פּאָלעס און מען בעטלט מיט געשריי, מיט יללות,
מיט קריגעניש— מיט אַ מאָל מירל, איר ווילט גיין מיט מיר?

מירל

איר מיינט טאַקע אויף אַן אמת?

חיים

איר האָט מורא?

מירל

איך האָב דאָך קיינמאָל ניט געפּרוּווט. ס'דאַרף זיין זייער שווער.

חיים

ס'איז לייכט, זייער לייכט. און ס'איז פריילעך... גאָט אַליין היט דעם
אמתן בעטלער— אַפילו חיות פון וואַלד טשעפּען אים ניט — מירל,
וויפל יאָר איז אייך?

מירל

וואָס?

חיים

אַזוי זיך. איר האָט מורא צו זאָגן?

מירל

מיט טרערן

איך בין שוין אַן אַלטע, אַן אַלטע — שוין פירנדרייסיק...

חיים

איז וואָס?

מ י ר ל

איז ניט גוט צו זיין אַלט, ניט גוט... און — איך בין אַ מיאוס׳ע
אויך. איך ווייס דאָס — און אַלע ווייסן. מיט געוויין און אַז יע־
טע איז שענער —

איר געוויין ברעכט אין איר. זי לויפט אַוועק אין איר
צימער, שטאַרק פאַרשעמט און דערשלאָגן; ח יי ם קוקט
איר נאָך. גייט צו צו זיין שבעה־פלאַץ, זעצט זיך אַרונ־
טער. דער קאָפּ ווייבער פאַלט צו צו די קני

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דריטער אַקט

אונטער די געוועלבן פֿון אַ בריק. זעט אויס ווי אַ הייל פֿון צעמענט און אייזן, פֿון אַלע זייטן הויכע שטאַלענע סלופּעס, אַ פּלאַץ וווּ קיין דורכגייער קומען ניט. פֿון ביידע זייטן זעען זיך שטאָט־געביידן, גאַסן, צעמענטענע טרעפּ פֿירן צו פֿאַרשידענע אַרויפֿגאַנגען. אַהערצוקומען היימלאָזע אין די נעכט, זאַמלען זיך מלכס לייט, פֿון דאַנען צעשפּרייטן זיי זיך איבער די גאַסן. די אָרעמע לייט רופֿן עס מלכס פּאַלאַצן. — צוויי אַלטע מענער ליגן אויף די טרעפּ און שלאָפֿן. וויגער צען אין פֿרימאָרגן. יעטע קומט אָן פֿון גאַס מיט עפּעס אַ פּעקל אונטערן אָרעם. גלייך נאָך איר אַ פֿאַראָטעמטע קומט מירל. ביידע זענען אָנגעטאָן אין אַלטע מאַנטלען, אָפּגעלאָזן, זעען אויס עלטער ווי זיי זענען:

### יעטע

מיט כעס

וואָס לויפֿסטו מיר נאָך. גיי צוריק.

### מירל

וואָס האָסטו צו מיר?

### יעטע

זעסט ניט מען שלאָפֿט. שריי ניט אַזוי. שטופּט מירלען גיי, מוזט זיך ניט נאָכשלעפּן דווקא נאָך מיר. איך וויל ניט שטיין מיט דיר צוזאַמען.

מ י ר ל

פאַרוואָס ביסטו אַזוי שלעכט געוואָרן ?

י ע ט ע

דריי מיר ניט קיין קאָפּ מיט דיין גוטסקייט.

מ י ר ל

איך ווייס — דו ווילסט ניט ליידן אפילו, וואָס איך שלאָף מיט דיר צוזאַמען ביי מלכן אין שטוב.

י ע ט ע

אַז דאָרט איז פאַרט ענג. אַז באָבע הינדע וויל דיך נעמען צו זיך שלאָפן — פאַרוואָס ווילסטו ניט גיין צו איר. שלעפסט זיך נאָך מיר אומעטום.

מ י ר ל

מיינסט איך ווייס ניט. — דו שעמסט זיך פאַר מיר.

י ע ט ע

פאַר דיר ? און אפשר האָב איך ליב מלכן ? פון וואַנען ווייסטו, אַז ניט.

מ י ר ל

ס'איז אַ ליגן. קענסט אים ניט ליב האָבן.

י ע ט ע

אָבער וואָס ביסטו מיר נאָכגעלאָפן.

מ י ר ל

מיינסט איך האָב ניט געהערט, ווי מלך האָט דיך געהייסן אַהער־צוקומען ? און וואָס פאַר אַ פעקל האָט ער דיר געגעבן ? ווייז אַ קוק טון.

י ע ט ע

ניט פאר דיר — האָסטו ניט וואָס צו קוקן. און אַז מלך חיל זיך מיט מיר דאָ טרעפן, איז וואָס קומסטו צו לויפן? קוק דיר נאָך, ווי דו גלאָצט די אויגן אויף דעם תכשיט אויף זייבעם?

מ י ר ל

חיים איז אַן ערלעכער מענטש.

י ע ט ע

ספּו אויף דיינע ערלעכע. אַלע מיאוסניצעס האָבן ליב צו זאָגן מוסר.

מ י ר ל

שווייג.

צעווײנט זיך. י ע ט ע אַליין אַ דערשראָקענע פאַרקריכט אין אַ ווינקל. — פּויזע — די צ ו ו י י ש ל אָ פ נ ד י ק ע שאַרן זיך צו די אַרויסגאַנגען און פאַרשווינדן

י ע ט ע

צו צו מירלען מיט חרטה און מיטלייד

חייך ניט נעמט זי אַרום און וויינט אויך איך בין אַ מרשעת... נו, זאָג אַליין, אַז נאָר דו טוסט און וואַרפסט מיר אויף מלכן — וואָס פאַרגינסטו מיר ניט? וואָס ווילסטו פון מיר — דו? האָסט שוין פאַרגעסן —

מ י ר ל

פאַרמאַכט איר׳ס מויל

רעד ניט.

י ע ט ע

לאָז. מענטשן האָבן אונז פאַרשטויסן פון זיך. זאָל איך וואָס טון,

האָ ? מיינסט טאַקע ס'איז אַ פּלאַן אַרומצושלעפּן זיך מיט די לויזי־קע בעטלערס, קלייבן נדבות פאַר מלכן און וואַלגערן זיך דאָ אונ־טערן בריק ? אַ מכּה, מלך איז ניט קראַנק צו קלייבן נדבות פאַר מיר, ניט איך פאַר אים.

מ י ר ל

וואָס רעדסטו ?

י ע ט ע

אַלץ איינע הינט אומעטום. אַלע. דאַכט זיך, בעטלער, אָרעמע לייט, די באַליידיקסטע פון אַלע מענטשן — גוי' האָבן זיי כאָטש אויף עמעצן רחמנות ? אַלץ איינע הינט.

מ י ר ל

שווייג, זאָג איך.

י ע ט ע

מיט התפּ:לות

אַז דו ווייסט באַרנישט, מירל... דו ווייסט ניט ווי איך וועל נאָך לעבן אַ טאָג. האָסט זיך געקענט ריכטן, אַז צווישן אַזוינע בעטלאַרעס זאָל זיך געפינען אַזאַ — אַזאַ מלך... ער איז דאָך אַ גרויסער גביר אַט דער — —

מ י ר ל

אַך, ווי דו רעדסט —

י ע ט ע

עס וועט אַלץ זיין מיינס. פאַרשטייסט. ער וועט מיר קויפן אַ פּאַלאַץ. הערסט, וואָס איך זאָג דיר. אַן אַטאָמאָבּיל, און — נעכטן קומט ער צו מיר און וויל מיך צרזמנעמען. —

מ י ר ל

און דו האָסט געלאָזט?

י ע ט ע

אַ מכּה. זאָל ער אַ ביסעלע וואַרטן. איך זע דאָך שוין, אַז זײַנע אויגעלעך ברענען — ער וועט מיר קויפן נײַע שיך, זאָגט ער. — קויף, קויף, שטרעקט אויס דאָס פּעקל אָט — זעסט

מ י ר ל

דאַרפסט ניט נעמען בײַ אים.

י ע ט ע

פּעסט

נעמען. נעמען. און בעטן נאָך. נאָך זאָל ער ברענגען. ער וועט וועלן חתונה האָבן מיט מיר. זאָל זײַן חתונה. וואָס, אפשר וואַרטן אויף אַזוינע לעקישעס ווי דײַן חיים? אַן איינפּאַל פון אַ לעקיש — זאָלסט גײן מיט אים איבער דער וועלט וואַנדערן... נו, פאַרוואָס גייסטו ניט?

מ י ר ל

אפשר וועל איך גײן? פון וואַנען ווייסטו, אַז ניט?

י ע ט ע

לאַכט — פּעסט

אזא לעקיש — איבער דער וועלט שלעפּן זיך — וויל ער נאָך אַ ווײַב אויך מיטשלעפּן — ווילסט זען די שיך? ווילסט? נעמט שנעל פונאַנדערבינדן דאָס פּעקל. עפנט און נעמט אַרויס אַ פּאָר שיך און אַ שטיק טוך, אויסער זיך פון פרייד זעסט, זעסט. אַ שטיק זײַד אויף פּאַר אַ קלייד. געזאָגט: שיך, און אויך זײַד געקויפט — קוק קוק שיכעלעך — וויקלט פונאַנדער דאָס שטיק טוך, מעסט אָן אויף זיך, טאַנצט ווילד אויש פון שמחה קוק אָן ווי שײַן. זײַד.

מ י ר ל

זשעדנע

גיב מיר אָנמעסטן, גיב.

לויפט איר נאָך. עס קומט אָן ח יי ם דערזעט דאָס לויפעניש פון די מיידלעך, בלייבט שטיין הינטער אַ סלופּ צוגעזיפּגעהאָר-בעט, במורנע

י ע ט ע

נו, זעסטו שוין וואָס פאַר אַ מענטש מלך איז. זעסט שוין, צוגעזאָגט מיר שיך און אויך זייד געבראַכט.

ח יי ם

מיט האַסט

וועמענס שיך? פאַר וועמען? דורך די ציין ווער האָט געבראַכט די שיך? וועמענס זייד?

י ע ט ע

ווער עס האָט געוואָלט — יענער האָט געבראַכט.

ח יי ם

בלייך

איך פרעג דאָך? דער טאַטע?

מ י ר ל

חיים, איך בעט אייך, מיט גוטן.

י ע ט ע

איך האָב ניט קיין מורא פאַר אייך, אייער טאַטע האָט עס מיר געקויפט, — גוט?

מ י ר ל

יעטע — —

### י ע ט ע

נאָך דרייסטער

מיר אַ מתּנה. מיר. נעכטן צוגעזאָגט און הײַנט שוין געקויפט.
געפעלט אײַך ניט —

### ח יי ם

שטייט ווי אַלע גלידער וואָלטן אים אָפּגענומען. טוט זיך מיט
אַמאָל אַ לאָז צו יעטן. מיט אַ ווילדן קול

גיט דאָס אַהער! אַ הער, זאָג איך. מיט אַ מעסער אויף שטיקלעך.

כאַפּט אָן יעטן פאַר די הענט, וויל אַרויסרײַסן. י ע ט ע קעמפט
מיט אים; מ י ר ל אַ דערציטערטע פּלאָנטערט זיך צווישן זיי.
ח יי ם רײַסט אַרויס די זאַכן און יעט אַליין טוט ער אַ שטויס
אָפּ פון זיך. זי פאַלט צו צו אַ סלופּ מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם.
רוקט זיך אַוועק טיפער, לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד הינטער
אַ צווייטן סלופּ און זיצט אַ צונויפגעקאָרטשעטע, מיטן פּנים
אַראָפּ צו די קניִס. ח יי ם האַלט די זאַכן, גיט זיי מיט אַמאָל אַ
וואַרף אָן דער ערד און גייט אָפּ אַליין אין אַ צווייטן ווינקל. מ י ר ל
הייבט אויף די זאַכן, טראָגט זיי צו צו יעטן, י ע ט ע שלײַדערט
זיי אָפּ פון זיך. די שיך מיטן טוך צעפליִען אין פאַרשידענע זײַטן
מ י ר ל קלײַבט זיי צונויף און האַלט עס בײַ זיך —
שטיל

### מ י ר ל

צו צו חיימען, קוקט אויף אים לאַנג

וואָס איז זי שולדיק?

### ח יי ם

מיטן קאָפּ אַרונטער

דאַרף זי ניט נעמען קיין מתּנות ביים טאַטן. דאַרף זי ניט.

### מ י ר ל

אַז דער טאַטע אייערער האָט עס אַליין געקויפט —

**ח יי ם**

אַליין ? טאָ זאָל זי ניט זיין קיין שיין פּנימל. זאָל זי ניט. וועט ער ניט קויפן —

**מ י ר ל**

וואָס רעדט איר ?

**ח יי ם**

זאָל זי גיין ערגעץ אַנדערש מיט איר שיין פּנימל. ניט דאָ ... און פאַרוואָס קומט איר שיך ? און זייד ? זייד ! — פאַרוואָס קומט איר זייד ? *שפּאַנט אַרום צעטראָגן* דאָ אונטערן בריק און זייד *לאַכט ספּאָטיש* אַנדערש ניט ווי נאָר זייד... אַז מען האָט אַ גרויסן יצר־הרע, איז — אין דער ערד אַריין, אין דער ערד אַריין... *פּויזע* איר וועט זאָגן דעם טאַטן, אַז איך גיי אַוועק פון דאַנען. אויף אַלעמאָל. הייַנט נאָך.

**מ י ר ל**

*דערשראָקן*

נאָך הייַנט ?

**ח יי ם**

אַז איך רוף אייך גיין מיט מיר צוזאַמען — ווילט איר ניט — ץוקא דאָ געפעלט אייך... אָט דאָ אונטערן בריק.

**מ י ר ל**

*איינגאַנצן אַ ציטערדיקע, נעמט אים פאַר אַ האַנט*

חיים, גייט ניט אַוועק.

**ח יי ם**

*נעמט זי אויך פאַר אַ האַנט*

גיין מיט מיר, האָט איר מורא. —

מ י ר ל

מיט טרערן

אַז — וווהין ? — — — —

ח יי ם

פלוצלינג

זי וויינט, צי וואָס ? איר הערט ניט. דאַכט זיך אַ געוויין הערט מען.

הערן זיך צו

מ י ר ל

עטע וויינט.

ח יי ם

איך האָב זי אַ צו שטאַרקן שטויס געטון. גייט צו, מירל, צו איר שטילט זי איין, איך בעט אייך.

מ י ר ל

וואָס איז אייך, חיים, וואָס שטאַמלט איר ?

ח יי ם

אויפגעשווידערט

עפּעס אַזאַ מאָדנעם געוויין, וויינט זי... יעטע וויינט אַזוי ?

לאָזט זיך צו יעטן

מ י ר ל

האַלט אים אָפּ

גייט ניט. איך וועל צוגיין צו איר

ח יי ם

איך וויל אַליין.

מירל

פאַרהאַלט אים

גיין, גיין, שטייט דאָ, איך וועל צוגיין.

חיים

שטאַמלענדיק

נו, גוט, גייט — און פאַרוואָס ניט איך, האַ? עפּעס איבערן גאַנצן האַרצן האָט מיר אַ שניט געטון איר געוויין. טיף יעטע!...

לאָזט זיך ווידער גיין, און מירל מיט פעסטקייט פאַרהאַלט אים — לויפט אַליין צו צו יעטן. בייגט זיך אַרונטער און רעדט צו איר שטיל — חיים אין צעטומלעניש וואָס טוט זיך דאָ?

עס קומען אַריין זרח און דער טויב-שטומער

זרח

זיין קול הערט מען פון ווייטן

מיינע דאגות, מיינע דאגות — ווער איז דאָ?

חיים

וואָס זייט איר געקומען יעצט?

זרח

מיט זיין געלעכטער — האָפערדיק

געקומען? אַז מען טרייבט — איז וואָס זאָל מען אַנדערש טון? קומט מען — יונה, — יונה.

חיים

וואָס יונה?

זרח

יונה וויל זיין מלך — כע, כע. קומט צו לויפן און שרייט: אונטערן

בריק זאָלן אַלע גיין, אַז ניט, זאָגט ער, איז אין די ציין — ער וועט פּלעטן, זאָגט ער, דעם מוח. און דעם טאַטן דיינעם, זאָגט ער, וועט ער אויף אַן אמת אונטערהאַקן די פיס — אַזוי זאָגט ער. כע, כע. ער זאָל אויף אַן אמת, זאָגט ער, ניט אַרונטער פון וועגעלע.

ח יי ם

אַזוי ?

ז ר ח

אַ קלייניקייט אַזאַ מלוכה. כע, כע. דיך אַרט ניט, וואָס ?

ח יי ם

איך וועל איינגאַנצן אַוועקגיין פון דאַנען. אויף אַלעמאָל.

ז ר ח

ע, נאַרעלע, וואָס הייסט אַוועקגיין ? דאָ דאַרף מען זיין. דאָ.

ח יי ם

מען דאַרף ?

ז ר ח

אודאי, חי דען ? וואָס הייסט אַוועקגיין ? צעלאַכט זיך ברייט אוי, אַלץ אַזאַ — ער וועט ניט לאָזן, זאָגט ער קיינעם בעטלען... זייגע גאַסן, זאָגט ער ; מלכס לייט, זאָגט ער, וועט ער ממתן... גיב איך אַ טור־קע מיין יידן : קום, זאָג איך צום שטומען וואָס טוסטו פּעטערל ? טאַפּט אָן דעם שטומען, וועלכער האָט זיך איינגעזעצט אויף אַ טרעפּ זיין, זיך־פּעטערל זיין.

זעצט זיך נעבן אים אַוועק, די שטעקנס האַלטן זיי אין די הענט

ח יי ם

דיין שטומער געפעלט מיר ניט.

ז ר ח

וואָס ? אַ טייערער ייד. אַ קליינ̇יקייט, אַ ייד שווייגט. אַ ייד הערט גאָרנישט. מען גייט — גייט ער אויך. מען שטייט — שטייט ער אויך. גאָרנישט. אַ טייערער ייד, זאָג איך דיר, אַ צדיק.

ח יי ם

דערשראָקן

וואָס האָסטו געזאָגט ? אַ צדיק ?... צו צום שטומען — ביז וואָס איז ?! וואָס קוקט איר אויף מיר ?

ש ט ו מ ע ר

דרייט מיטן קאָפּ און שטאַמלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס

ה י נ ד ע

לויפט אַריין אַ צעשויבערטע, מיטן שטייגל אין האַנט

ווו איז מלכּל, האַ ? ווי איז מיר, ער האָט דאָך שיער מיין פֿליגע־לע ניט דערהרגעט. אַ כּאַפּ געטון דאָס שטייגל פֿון האַנט מיר אַרויס אַוועק, שרייט ער, פֿון דאַנען ; ניט קומען מער אַהער ! — דער יונהלע... פֿייגעלע מיינס, שיער ניט דערהרגעט — צו חיימען וואָס שטייסטו, חיימקע ? יונהלע בּושעוועט, וואָס שטייסטו ?

ז ר ח

לאַכט

וואָס זאָל חיים טון, וואָס ?

ה י נ ד ע

וואָס לאַכסטו שוין ? אַ נייער געלעכטער אויף מיר ? ס'טגעזען ? מעגסט זיך שעמען, זרחל, — גאָר לאַכן... אַזאַ גזלן. פֿול די גאַסן מיט מענטשן און ער האָט גאָר קיין מורא ניט, טרייבט מיך — און דאָ שטייט אַ דזשענטלמען און וואַרט אויף אַ קוויטעלע — אַזש דערשראָקן דעם דזשענטלמען —

### זרח

ניט מײנע דאגות.

### הינדע

זײַנע גאַסן, װאָס? זײַן שטאָט, װאָס? מלכס גאַסן... אַזאַ רוצח — אַזש דערשראָקן דעם דזשענטלמען. צו חײמען װי איז דאָ דאָס רעכט־ האַ?... שיער ניט דערהרגעט מײַן פײגעלע —

### חיים

װאָס װילסטו פֿון מיר?

### הינדע

אויף אַלעמען אַ שטומעניש — װײ איז מיר. װער האָט אַ שטי־ קעלע ברויט, ײדן? אַ קלײן פּיצעלע פֿאַר מײַן שפּײזערל?

### חיים

גיטאָ קײן ברויט דאָ.

### הינדע

צום פײגעלע

באַלד, באַלד, מײַן נחתל. פֿון אינדער פֿרי אין מײַלכעלע ניט גע־ האַט... באַלד מײַן שפּײזערל. עפֿנט דאָס טירל און רעדט אַרײַן מען דאַרף זוכן אַ פּיצעלע ברויט, מען דאַרף זוכן. עס װאַלגערט זיך ניט, מײַן חיותל. איבערגעשראָקן זיך, האַ? געקומען דער גזלן, דער יונגהלע, דער האָרבעלע און איבערגעשראָקן מײַן פײגעלע — און דער דזשענטלמען האָט שוין געװאָלט געבן אַ פּעניקלע — מען דאַרף זוכן, מײַן חיותל, מען דאַרף זוכן...

פֿאַרשװונדט ערגעץ

### שטומער

פֿאַרקריכט אין אַ װינקל, אָרדנט זיך אײַן דאָרט און זיצט

ז ר ח

אַז מלחמה, חיים, מלחמה. דיך אַרט ניט, זאָגסטו. מיך אויך ניט... אַ דאגה מיינע. אַלע האָבן גרויסע אויגן. אַ סך ווילן זיי אַלע — שלאָגט מען זיך... מיינע דאגות, בעטלער שלאָגן זיך. בעטלער צעטיילן זיך ניט מיט דער מלוכה. וואָס, טאַקע אמת? גייסט אַוועק?

ח יי ם

אי, הער אויף.

ז ר ח

ביזט אין כעס? זיי, זיי, עס באַדאַרף דאָך איינער זיין, וואָס זאָל זיין אין כעס אויך —

ח יי ם

פלוצלינג

ז ח, דער זיידע דערציילט... אַז אויף אָרעמע לייט, אויף בעטלער האַלט זיך די וועלט — —

ז ר ח

ערנסט

נו, נו, איז וואָס?

ח יי ם

איז טאַקע אמת, אַז צווישן בעטלער זענען דאָ אַ סך פאַרשטעלטע צדיקים אַזוינע?... זיי מאַכן זיך פאַר תמען, מען זאָל אָפּלאַכן פון זיי, איז וואָס מער מען לאַכט אָפּ פון זיי איז אַלץ בעסער, און וואָס מער מען פייניקט זיי אַלץ מער לאַכן זיי — — —

ז ר ח

צעלאַכט זיך

נו, נו, וואָס נאָך?

חיים

איז וואָס־זשע לאָכסטו ?

זרח

קײקלט זיך אױש פון לאַכן

אי — חיים, אז איך זאָג -- מיט דיר איז עפּעס דער מער...
וואָס האָסטו זיך א־צט עפּעס דערמאָנט אין דעם ?

חיים

גיט א טופּ מיטן פוס אין כעס

וואָס לאָכסטו. אז איך פרעג דיך ענטפער.

זרח

דערשראָקן

נו, נו, שאַ. ווער ווייסט. אפשר אמת... עס קען זיין, עס קען זיין... אפשר אפילו דאָ צווישן אונזריקע...

חיים

עס קען דאָך ניט זיין, אז מיין טאַטע — —

זרח

אפשר דיין טאַטע ? ווער קען וויסן —

חיים

מיין טאַטע ? אָט דער אויפן פּאָלשן וועגעלע ?

זרח

ס'איז ניט אַזוי לייכט צו זיצן אַ גאַנצן טאָג אויפן וועגעלע און ניט רירן זיך מיט קיין אבר. ס'איז אַ גבורה, חיים, אַ גבורה. מען קען ניט וויסן.

ח יי ם

ניט אמת. אַ רשע —

ז ר ח

שש. שילט ניט. ניט קיין רשע דיין טאַטע, ניט קיין רשע — מען טאָר ניט רעדן מער. שווייג. אין שרעק שווייג, זאָג איך — פּויזע

פאַרוואָס האָסטו ניט חתונה, חיים ?

ח יי ם

וואָס ?

ז ר ח

מען דאַרף האָבן אַ ווייב. מען דאַרף.

ח יי ם

פאַרוואָס האָסטו ניט קיין ווייב ?

ז ר ח

געהאַט אַ קינד אויך. אַ ייִנגעלע. ביידע געשטאָרבן, ביידע. אַ קליי-ניִנקע איז זי געווען מיט בלויע אויגן און מיט אַ גריבעלע אָט-דאָ-אַ.

ווײַזט אויפֿן קין

ח יי ם

האָסט נאָך דעמאָלסט געזען ?

ז ר ח

ייִנגלווייז נאָך בלינד געוואָרן. אָבער אירע אויגן און דאָס חן-גרי-בעלע געזען. און דאָס ייִנגעלע אויך אַ בלאָנדער געווען. אין איר געראָטן. איינמאָל —

האַקט זיך אָפּ מיט אַמאָל

ח יי ם

שוין לאַנג ?

**ז ר ח**

ענטפערט ניט, זיצט פארזונקען

**ח יי ם**

קוקט אויף זרחן, קערט זיך אפ פון אים, פארקוקט זיך אויפן שטומען. דער שטומער שטעלט זיך אויף מטושטש פון חיימס קוקן. חיים גייט צו צו אים מיט באהאלטענער שרעק, עפעס דאכט זיך אים

**וואס קוקט איר ?**

**ש ט ו מ ע ר**

ועצט זיך אוועק צוריק, מאכט מיטן האנט, אז חיים זאל אים לאזן צורו.

**ח יי ם**

**ווער זענט איר** צו זרחן **ווער איז ער ? קיינער קען אים ניט... אפשר מאכט ער זיך אויך ? נארט די וועלט ?** צום שטומען **ווער זענט איר ? אפשר זייט איר דאס דער פארשטעלטער דער — זרח, אפשר איז ער דאס דער...** שטייט צו צום שטומען **עפנט דאס מויל, איר זייט ניט שטום. א ליגן. איר פארשטעלט זיך.** עפנט דאס מויל. שטומער קוקט אויף אים, רוקט זיך ווייטער פון אים אוועק — חיים צו זרחן **אפשר דו — — — דער למד=וואניק ?**

**ז ר ח**

**אוועק פון מיר... ביזט משוגע געווארן...**

עס קומען אריין דער אלטער מיכה צוזאמען מיט דער איין אויג. נאך אים אין פארלויף פון א פאר מינוטן איינער נאכן צווייטן קומען אן די זעלבע בעטלער וואס אין צווייטן אקט און נאך אייניקע, אלע זענען זיי דערשראקענע. טאלקעווען צווישן זיך און כעסן זיך. אויך חינדע קומט גלייך אריין צוריק נאך מיכהן

מ י כ ה

אריינקומענדיק

שקאַנדאַלעווען, שקאַנדאַלעווען, רציחה —

אַלע הייבן אָן רעדן, מאַכן מיט די הענט. פילדערן

ח יי ם

וואָס טוט איר אַלע ?

מען ווערט שטיל

מ י כ ה

קנאה, רשעות. וואָס קען אַרויסקומען פון שקר ? — ווער האָט גע־
זען מלכן ?

ה י נ ד ע

ער לויפט כאַפן דעם גזלן. ער וועט אים שוין געבן.

מ י כ ה

מירעלע, ווו ביסטו, זעץ מיך אַוועק ערגעץ. אַזוי געלאָפן.

מ י ר ל

צו די יידן

לאָזט זעצן זיך דעם זיידן, זעץ זיך, זיידע.

ועצט אים אַוועק

מ י כ ה

לאַנג לעבן זאָלסטו מיר — אַ טייער קינד, זאָג איך אייך — יידן,
איך זאָג אייך — — — האַ, וואָס ? געוואָלט עפעס זאָגן... ס'איז
דאָך ניט אויסצוהאַלטן — גבלה... קען מען שוין גאָר קיין בעטלער
אויך ניט זיין... אייגענע ברידער שקאַנדאַלעווען — סדום, סדום —
יענע איז אויך דאָ ?

מ י ר ל

יאָ.

מ י כ ה

חיים, וואָס טוסטו? וואָס הערט מען דיך ניט? חיים שטייט אָפּגעווונדערט און שווייגט און איר, יידן, וואָס זייט איר אַנטשוויגן געוואָרן אַלע,

פ ר ו י ה אָ ר ב

ביטאָ וואָס צו רעדן, דערלעבט יאָרן.

מ י כ ה

אַ טייערע נשמה, מירעלע, זי בעט דאָך מיר אויס דאָס בעט אַלע טאָג, און דעקט מיך צו — און נעכטן האָט זי דאָך מיר דעם קאָפּ אויסגעוואַשן און אויסגעקעמט — אָט ווי איר זעט מיך אַ יידן מיט טרערן אויסגעקעמט —

מ י ר ל

הערט אויף, זיידע.

אָפּ צו יעמן

ע ר ש ט ע ר ב ל י נ ד ע ר

אָבער וואָס פאַר אַ תּכלית. יידן, האַ? צערייבן אַ טאָג. וואָס וועלן מיר דאָ שטיין?

צ ו ו י י ט ע ר ב ל י נ ד ע ר

אינדער אמתן. מיין צייט איז טייער ביי מיר.

א י י ן ק ו ל י ע

און וואָס איז מיט מיין צייט?

צ ו ו י י ט ע ר ב ל י נ ד ע ר

איר פאַרלירט ניט קיין סך, אַז איר צערייבט אַ שעה צי צוויי. אָבער מיר — בלינדע — מיר פאַרלירן.

צוויי קוליעס

זעט נאָר דעם יחסן!

פרוי האַנט

בעמט זיך ניט איבער אַזוי, פעטער.

פרוי האָרב

איך פאַרדין נאָך אַזוי פיל וויפיל אַ בלינדער.

בלינדער

איר וועט נאָך וואַרטן אַ ביסעלע.

איין אויג

אודאי. אודאי.

איין קוליע

גאַנצע יחסנים, מיינען זיי. נאָר עפעס בורטשען זיי מער ווי אַלע אַנדערע. יחסנים גאַנצע — בלינדע.

איין אויג

אודאי. אודאי.

איין קוליע

זייער אויפגערעגט צום איין אויגיקן

קוקט אים אָן, ער רעדט אויך. ער גלייכט זיך אויך צו בלינדע. סך-הכל בלינד נאָר אויף איין אויג — אויך מיר אַ בלינדער.

אַלע טומלען און שרייען צום איין אויגיקן

הינדע

לויפט צו צו זיי

מען קריגט זיך שוין... וואָס מאַכסטו, יעטעלע? עפעס פאַרשלאָפן ביסטו מיר?

פרוי האָרב

וואַרפֿט זיך נאָך אַלץ צום איין אויגיקן

אַ מויל האָט עס און עס דבֿרט...

חיים

אויף איין אויג, אז מען איז בלינד איז מען נים קיין בלינדער? נייז?.. ער רעדט אַזוי אַז דער עולם ווייסט נים, צי ער רעדט דאָס אין איין טאָן מיט זיי, צי ער לאַכט איננאַנצן אָפּ איר הערט, זיי זאָגן, אַז אויף איין אויג בלינד זיין איז ווייניק, איר הערט?

מיכה

חיים, צו וועמען רעדסטו?

חיים

צו אַלעמען

וואָס זייט איר געקומען אַ הער? ווער דאַרף אייך? מען לאָזט אייך נים בעטלען?

איין קוליע

קלאַפּט אָן דער ערד

אודאי לאָזט מען נים.

חיים

איז די וועלט קליין, האָ? מנוולים. אַ נכפה אויף אייך.

אָפּ

שטימען

וואָס פאַר אַ רייד· געזען! שולט זיך גאָר.

מ י ר ל

**וווהין גייט איר? חיים!**

מ י כ ה

**וואָס, ער איז אַוועק?**

מ י ר ל

**זיידע, ער איז דאָך אַוועק געגאַנגען, אַוועק געגאַנגען.**

מ י כ ה

**וואָס פּלאַפּלסטו?**

מ י ר ל

מיט געוויין

**אַוועקגעגאַנגען.**

פאַלט צו צו יעטן

מ י כ ה

**וווהין? וואָס? וואָס ווײנט זי? יידן, וואָס ווײנט מירל, האַ?**

מ ל ך

פאָרט אַריין אויפן וועגל געשטופּט פון דער ש יי נ ע ר ב אָ ר ד
אַ ל ע שמיל. מ ל ך זיצנדיק, אין גרויסן כעס

**יונה הייסט און איר פּאָלגט.**

ה י נ ד ע

**אַז ער זאָגט, ער וועט שלאָגן, מלכקע. קומט צו לויפן און גיט אַ ריס מיין פּייגעלע, און אַ רזשענטלמען — —**

מ ל ך

**וואָס דזשענטלמען...**

מ י כ ה

דו שרייסט נאָך? ער האָט דאָך מיך אַ זעץ געטון. דו הערסט? אויף מיינע אַלטע יאָרן דערלעבט. דו ביזט שולדיק, דו.

מ ל ך

זאָלסט מיר שווייגן, טאַטע.

ז ר ח

אַ גרויסע קונץ טאַקע, מלך, צו שרייען.

מ ל ך

ווער פרעגט דיך, פערד.

ש ט ו מ ע ר

קומט אַרויס צוריק, קוקט פון הינטערן עולם מיט שאַרפע אויגן

מ ל ך

יאָגט צו אויפן וועגל צום שטומען מיט אַ מאָרדנער ווילדקייט
וואָס גלאָצטו די אויגן אויף מיר?

ש ט ו מ ע ר

זיין פנים ווערט אָנגעצונדן, שטאַמלט מיט די ליפּן בייזע קלאַנ-
גען, דער ע ו ל ם קוקט אים אָן פאַרחידושט

מ ל ך

אַ נייער שלאַק. שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז ער שטעלט אָן אויף מיר אַזוינע ווילדע אויגן.

ש ט ו מ ע ר

שטויסט אָפּ פון זיך מלכן מיט אַ פעסטער האַנט, טרעט אַרויס פאָרויס און גיט אַ טופּ מיטן פוס. טייטלט מיטן האַנט אויפן וועגעלע. — דער עולם גאַפט.

### הינדע

עפּעס אויפן װעגעלע װינקט ער.

### מלך

צו הינדען

מיש זיך ניט. װאָס פאַר אַ װעגעלע אליין דערשראָקן. צום עולם װאָס
מיינט ער? איר פאַרשטייט עמעצער?

### קוליע

עפּעס װייזט ער טאַקע אויפן װעגעלע.

### מלך

צום שטומען

װאָס װילסטו? װער איז ער? װאָס פאַר אַן אומגליק אויף מיר?

עס קומען אַריין יונה מיט אַ גרופּע אייגענע בעטלער.
אָנגעשטרענגט שטילקייט

### יונה

בוי?

### מלך

נו?

### יונה

אָבער װאָס זאָגסטו איצט, נו?

### מלך

דוס׳ט חרטה האָבן.

### יונה

ס׳איז גאַך געאָרנישט. ס׳איז ערשט אַן אָנהויב. שטרעקט אויס זיין פויסט
צו אלעמען אָט-דאָס-אָ!

מלך

צום עולם

איך הייס איך גלייך גיין צוריק צו אייערע פלעצער.

דער עולם טוט זיך אינסטינקטיוו א לאָז

יונה

און איך הייס ניט.

דער עולם בלייבט שטיין

מלך

איך האָב דאָך געזאָגט: גיין!

יונה

און איך האָב דאָך געזאָגט: ניט גיין.

זרח

אויב אַזוי וועלן מיר זיך גאַר אַוועקזעצן.

געלעכטער

מלך

שטיל זאָל מיר זיין. איך הייס דאָך אַלעמען גיין צוריק.

יונה

און איך הייס — — דאָ זיין.

זרח

טאָ לאָמיר מיט איין פוס גיין און מיט דעם צווייטן דאָ זיין.

שמעון

ש, ש...

מלך

אויב מיט כּוח בין איך אַ שטאַרקערער.

יונה

דאָס וועלן מיר זען.

מלך

ווייזט אויפן עולם

זאָלן זיי זאָגן וועמען זיי ווילן בעסער: מיך צי דיך... צום עולם
וואָס שווייגט איר?

הינדע

אַז ווי זאָלן מיר רעדן, מלכּקע — —

ערשטער בלינדער

מיר זענען טאַקע אַביסל ניט צופרידן. דו קריוודעסט אונז.

מלך

לאָמיר הערן.

צווייטער בלינדער

עס דאַרף טאַקע זיין איינער א — א — כ׳ווייס וואָס — נו — אַ
באַלעבאָס... דו ביסט דער באַלעבאָס. אָבער — —

זרח

עס דאַרף זיין, זאָגט ער, אַ כ׳ווייס וואָס — —

מלך

שווייג, בהמה דו.

צווייטער בלינדער

עס דאַרף זיין, זאָג איך, אַ באַלעבאָס. יאָ, יאָ. זאָג איך, אַ באַלע-באָס מוז זיין. אָבער אַזאַ ווי דו, מלך, איז שוין צופיל.

מלך

וואָס צופיל?

איין קוליע

יאָ — צופיל. נעמסט אַ צו גרויסן פּראָצענט ביי אונז. מיר קענען ניט דערווייזן.

מלך

וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס אַ הער?

עטלעכע

יאָ. נעמסט צופיל.

הינדע

אמת מלכל, אמת.

מלך

זי איז אויך דאָ! — אָבער וואָס האָט דאָס צו יונהן?

יונה

עס האָט שוין יאָ, יידן, ער האָט טויזנטער אין די באַנקן. איך זאָג ניט קיין ליגן. זאָל איך שטאַרבן, אויב איך זאָג ליגן, יידן.

מיכה

טרעט אַרויס

ווו איז ער דער יונה? איך וועל אים שפּאַנט ווו איז ער?

לאָזט מיך צו אים. און דו זון, ביזט בעסער דען, האַ? רשעים־
אַלע רשעים... זאָלסט מיר שוין אַרויס פון דאַנען דו יונהלע, די
געזען? באַלעבאַטעווען וויל דאָס. הערשעווען. האָט זיך אַרומגע־
זען, אַז מען קען, אַז מען לאָזט זיך, אַז מען איז בהמות. מיט
ביידע הענט אין לופטן ווו איז מיין שטעקן!

יונה

איך וועל באַלעבאַטעווען.

מיכה

רשע דו. איך בין שוין אַ בן־שבעים, בין איך. אויף מיין לעבן
שוין די גאַנצע וועלט דורכגעגאַנגען און אומעטום אַן ערלעכער
בעטלער־ געווען און ערלעכע בעטלער בעזען... נאָך מיטן טאַטן
עליו־השלום... וואָס האָב איך דערלעבט? הפקר געוואָרן. אַלע זע־
נען הפקר געוואָרן... דו ביזט שולדיק, מלך. דו. איך זאָג דאָס
איר זאָלט אַלע הערן. שייגע דרכים. איין אָרעמאַן איבערן צווייטן
אַ באַלעבאָס געוואָרן. חרפה פאַרלוירן. און פול מיט שקר... יידן,
איר זאָלט זייביידן ניט פאָלגן.

מלך

טאַטע.

מיכה

לאָזט מיך. איך האָב געשוויגן אַזוי לאַנג. פאַרוואָס האָב איך
געשוויגן אַזוי לאַנג? ווי איז מיר. איך האָב צו געזען אַזוי פיל
עוולות און געשוויגן, געהערט געוויין און געשוויגן. פאַרוואָס האָב
איך געשוויגן, יידן?... ווי איז מיר. אַ מורא באַפאַלט מיך. יאָ,
איר זאָלט וויסן זיין. מלך איז אַ גביר... איך קען עס שוין ניט
פאַרטראָגן מער... ער איז אַ גביר, ווי איז מיר, אַ גביר... פון
שקר — — —

### מלך

וואָס נאָך טאַטע? וואָס נאָך?

### מיכה

קומט, יידן. קומט מיט מיר. וועמען דאַרפן מיר?... מיר זענען אַליין שולדיק. מיר האָבן מורא פאַר אַלעמען. פאָלגט ביידן ניט. זאָל עמעצער פּרוּוון אייך אָנרירן, איך וועל אים... *וואַקלט זיך צום פאַלן — מירל און נאָך אַנדערע כאַפּן אים אונטער* אודאי, גערעכט... מירעלע, דאָס ביסטו? האַלט מיך צו, האַלט מיך צו מירעלע. זעץ מיך אַוועק...

*מירל זעצט אים אַוועק. אַלע אָנגעשטרענגט, אומרויִק. טומל*

### מלך

דער אייגענער טאַטע קעגן מיר. איז וואָס, הא? *צום עולם* און איר שאַפּט די ציין. הא? עס געפעלט אייך? איך בין אַ גזלן? יאָ. איך בין. *צו יונהן* און דו — ווער ביזטו? *צום עולם* שטיל זאָל מיר זיין. שטומען זאָלט איר מיר. *אַלע ווערן שטיל* איר דאַרפט איר דאַרפט אייך אַ סך געלט ווי ער? *טייטלט אויף יונהן* ער וויל דאָך אייך אַ סך געלט האָבן!... *לאַכט* אָט אַזוינער אָ וויל אייך אַ סך געלט... וואָס? ווייל איך האָב... איך וועל אויסטרעטן אַ וועג און דו וועסט מיר קומען מיטן האָרבל דיינעם טאַנצן?... איך בין אַ גזלן? וואָס האָט איר געמיינט — אַ צדיק וועל איך זיין? ליג אין שמוץ, אַרומשלעפּן זיך מיט אַזוינע בעטלערינס, מיט אָפּגעהאַקטע הענט און פּ ס, מיט בלינדע חלירעס, מיט שטומע אָקסן און רחמנות וועל איך האָבן? איר זאָלט מיר שוין אַרויסגיין פון דאַנען... *צום שטומען* וואָס גלאָצטו אויף מיר מיט די אויגן? איך וועל דיך — —

### הינדע

*מיטן שטייגל אין האַנט*

וואָס דאַרפסטו אַזוי שרייען, טאַטעלע? אַז ס'איז אַלץ ער *שפּאַנט מיטן שטייגל פאָרויס צו יונהן* ער, דער האָרבעלע.

יונה

טרעט אָפּ אַלטע נבלה.

הינדע

האָט אַ ווערעמדיק מויל און רעדט... אַרויסגעקראָכן פון ערגעץ און געקומען. אַ גוטן מאָרגן — ס'איז מיין פייגעלע, האָסט אַ חלק אין מיין פייגעלע ?...

יונה

גיט אַ כאַפּ דאָס שטייגל פון אירע הענט און אַ וואָרף אָן דער ערד

הינדע

לאָזט אַרויס אַ געשריי, בייגט זיך צו צום שטייגל און גיט אַ אַ פּאַטש מיט די הענט

דערהרגעט... דערהרגעט. אויף טויט דערהרגעט.

לויפט אַרויס מיט אַ יללה

אַלע

שטייען דערשראָקענע מיט די פּנימער אַרונטער, וווּ דאָס שטייגל ליגט. אויך מלך און יונה שטייען פּאַרציטערטע. — די שטימונג איז אַזוי ווי עס וואָלט אַ מאָרד געשען. אין דער דאָזיקער שטילקייט טרעט ווידער אַרויס דער טויבשטומער. אַלע אברים אין אים ציטערן. ער הייבט אָן קלאַפּן מיטן שטעקן און טופּען מיט די פיס, טייטלט מיט די פינגער יונהן אין פּנים אריין און אויך מלכן. דער שטומער הייבט אויף דעם שטעקן און פאַ־מעסט זיך אויף ביידן און פון זיין מויל הויבן אָן זיך אַרויסצוגאָרגלען מאָדנע קולות, געשרייען פון ענטריסטונג. ער לויפט צו צום וועגל און טייטלט מיט די פינגער אַזוי ווי ער וואָלט געראָפן מלכן אַריינצוזעצן זיך. מלך, אַ טויט־דערשראָקענער, קוקט אויף אים און וואַגט ניט צו צוגיין. דער שטומער שפּרינגט צו צו אים און נעמט אים שלעפּן. מלך גיט אים אַ שטויס פון זיך און רייסט זיך אַרויס פון זיינע הענט. דער שטומער, קלאַפּנדיק מיטן שטעקן און סטראַ־

שענדיק מיט דער צווייטער האַנט, הייבט זיך אָן דערנענטערן צום טיר. ער שלעפּט אַרויס פֿון קעשענע אַ הויפֿן אָנגעקליבע־נע נדבות, און טוט אַ שלײדער מיט גאַל אויפֿן דיל, צו אַלע־מענס פּיס: אָפּ, חוידנדיק זיך אויף זיינע שווערע אַקסלען. דער
ע ו ל ם אין פֿאַרגליווערונג, קען דעם אָטעם ניט כאַפּן

פ אָ ר ה אַ נ ג

# פערטער אַקט

אין מלכּס שטוב. דאָס אויסזעצן פון שטוב געענדערט. בעסער צוגעקליבן. נייע פאָרהאַנגען אויף די פענסטער. דאָס בעט איבערגעשפּרייט מיט אַ דעק. מ י כ ח זיצט אויפן בעט. ז ר ח שטייט ביים פענסטער. אַ וויגער צען אין פרימאָרגן

מ י כ ה

טאַקע נייע פאָרהענגלעך, נייע?

ז ר ח

אוודאי. נאַ, טאַפּ אָן. כּע, כּע.

מ י כ ה

קומט צו, טאַפּט מיט די פינגער

אַז אַלץ, וואָס זי וויל פירט זי אויס. נו, זעסט דאָך באַלעבאַטע־ווע... ווען האָט זי דאָס אויפגעהאָנגען, געכטן?

ז ר ח

מסתמא נעכטן. אַז איך זאָג, עפּעס שמעקט פון די שויבן... און — ס'איז איר ענג, שרייט זי, נאָר ס'איז איר ענג.

מ י כ ה

אין מושב־זקנים וויל ער דאָך מיך אַרייַנגעבן, הערסט? אין מושב־זקנים.

ז ר ח

אַלץ איר קעפּעלע.

מ י כ ה

אַ מרשעת אַזאַ.

ז ר ח

און מיך טרייבט זי דאָך אויך פון שטוב. ווי אַ מענטש, זאָגט זי וויל זי לעבן. אַז ווי אַ מענטש, מיינט זי, דאַרף מען שוין דעם צווייטן פון שטוב טרייבן... נו גוט, זאָג איך, אַז איר וועט שטעלן חופה.

מ י כ ה

זיפצט

אָך, גאָט פאָטער.

ז ר ח

אפשר ווייסט זי, וואָס זי טוט. מסתמא דאַרף אַזוי זיין. ווער איז מחויב, איינדער אמתן, פון אונז ליידן? ווער, האַ?

מ י כ ה

מיט כעס

אָבער אַ טאַטע בין איך דאָך — צי ניט?

זעצט זיך צוריק אויפן בעט

ז ר ח

ניט געזאָלט בלינד ווערן, ניט געזאָלט.

פויזע

מ י כ ה

ווען חיים וואָלט כאָטש געווען... פאַרזינדיקט חיימען, פאַרזינדיקט.

זרח

וואָלט ער ניט אַוועק פון דאַנען, וואָלט גוט געווען, איז ער אַוועק — איז אויך גוט. זוי דאַרף מסתמא זיין.

מיכה

אַ שטיק לעבן האָט ער ביי מיר צוגענומען מיט זיין אַוועק־גיין... אַ מענטש מיט אַ טייערער נשמה, ווי האָט ער געקענט זיין מיט אונז? אַזוינע רשעים ווי מיר. האָט ער דאָך געמוזט אַנטלויפן.. אַ חודש צייט שוין... מיינסט, אַז מלכן אַרט עס ניט? עס קרענקט אים געוואַלד, וואָס זאָגסטו, זרח, הע? נעמט אַ מענטש און גייט אַוועק און ניטאָ אים. אַלע וואַרטן אויף אים און ער קומט ניט, קומט ניט — מיר האָבן אויך אפשר באַדאַרפט אַוועק־גיין פון דאַנען, זרח? האַ, זרח? *זרח שווייגט* אָבער גיי, אַז קיין כוח איז שוין ניטאָ די פיס צו שלעפן... וועט מען גיין ערגעץ אַנדערש באַלד — ערגעץ אַנדערש —

זרח

וואָס רעדסטו?

מיכה

מען וועט רופן באַלד, זרחל, פון אויבן. מען וועט רופן.

זרח

אַז די צייט וועט דאַרפן קומען, וועט זי קומען. ניטאָ וואָס צו דערמאָנען.

מיכה

ניטאָ, זאָגסטו? ביזט גערעכט. זרח,גערעכט. מען טאָר ניט דערמאָנען — *פויזע* און מירעלע איז אַ געוואַלד. זינט די אַלטע איז קראַנק געוואָרן, טרעט זי ניט אָפּ פון איר. שלאָפט ביי איר און גיט אַכטונג אויף איר ווי אויף אַן אייגענער מאַמע. ניט אַלע זענען רשעים, זרח, ניט אַלע. *פויזע* וואָס, מלך עסט נאָך? *רופט* מלך!... *פויזע* ניטאָ קיין כוח צו אָטעמען. כ'מוז זיצן אין שטוב, מוז איך. איר אַלע גייט אַוועק און איך מוז בלייבן

מיט דער מרשעת... זי בייט דאָך שוין אינגאנצן ניט בעטלען, די פּריצטע — און דעם שטומען זעט מען אין ערגעץ ניט.

זרח

פאַרשווונדן געוואָרן, פאַרשווונדן. פּלוצלינג מיט אַ מאָדנעם קול ווען וועסטו מיר אומקערן דאָס ליכט פון די אויגן ? ווען ?

מיכה

אין שרעק

וואָס האָסטו געזאָגט, זרח ?

זרח

ווען ? ווען ?

מיכה

קריכט צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט

זרח.

קערט זיך אום און זעצט זיך צוריק אויפן בעט. מלך פאָרט אריין אויפן וועגעלע, צוגעריימט ארויסצופאָרן אין גאַס, אַ נערוועזער, גרייט פון יעדער זאַך אָנצוזוגן זיך

מלך

מירן באַלד פאָרן, זרח.

זרח

פון מיינעטוועגן — שוין.

מלך

הארט

טאַטע, זיצט ווידער אויפן בעט.

מ י כ ה

שפרינגט אויף

טפו, צו אַלדע גוטע יאָר. דאָ — ניט שטיי, דאָ ניט — זיץ.

ז ר ח

אַז די מלכּה וויל ניט.

מ ל ך

גאָרגלדיק

שווייג, און דיר האָב איך שוין וויפיל מאָל געזאָגט, טאַטע, אויב דיר געפעלט דאָ ניט —

ז ר ח

ענטשוו גיין.

מ ל ך

צו זרחן

קריך מיר ניט אַריין מיט דיין בהמהשן צונג.

ז ר ח

נו גוט, שווייג איך, זאָל זיך דער מלך ניט בייזערן.

מ ל ך

פיבערדיק

שווייג, זאָג איך, אַלע קריכן מיר אויפן קאָפּ: אָנשטאָט צו דאַנקען, וואָס איך גיב אַ היים, אַ בעט — וואָסי, איך האָב עפּעס דערפון; איך נעם שוין קיין פּריטה ביי קיינעם — איז נאָך אַלץ שלעכט? —

ז ר ח

נו דאַנקען מיר טאַקע פון פולן האַרצן דעם מלך, אונזערן.

מ ל ך

איך האָב געליטן דיינע שפּאַסן פריער. איצט וויל איך ניט. גיי פון דאַנען.

ז ר ח

וווהין זאָל איך גיין?

מ ל ך

שטיי ניט פאַר מיינע אויגן. איך דאַרף אייך ניט האָבן, קיינעם ניט. לאָזט מיך אַליין, אַליין.

מ י כ ה

מלך, וואָס איז מיט דיר?

מ ל ך

פרעג מיך נישט. צו זרחן וואָס לאַכסטו?

ז ר ח

ווו זעסטו מיך לאַכן?

מ ל ך

איך קען ניט אָנקוקן קיינעם ניט.

גייט ארויס מיט די פלייצעס. אַפּ אין צווייטן צימער.

מ י כ ה

וואָס איז מיט דיר היינט?

מ ל ך

זיצט אויפן וועגעלע מיטן פנים אריינגערוקט אין מאַנטל. שווייגט שווער און פינסטער. פּלוצלינג.

זיצט ווידער אויפן בעט. אַ מאָדנער ייד אַזאַ. גאָר אויפן בעט דאַרף

ער זיצן. יעטע האָט פאַרזאָגט ניט זיצן אויפן בעט, דאַרף מען פאָלגן.

מ י כ ה

שפּרינגט אויף

נו שאַ, שריי ניט.

מ ל ך

מען זאָל פאָלגן, וואָס יעטע הייסט. מען זאָל פאָלגן.

מ י כ ה

נו גוט. שריי־זשע ניט.

מ ל ך

רעדט ס'וויניקע

אַז יעטע וויל אין שטוב זאָל זיין ריין — דאַרף זיין ריין. אַז זי וויל פאַרהענגלעך אויף די שויבן — דאַרפן זיין פאַרהענגלעך.

מ י כ ה

איז ווער זאָגט עפּעס?

מ ל ך

איך האָב געהערט וואָס דו האָסט גערעדט פריער, געהערט. קיינער זאָל ניט וואַגן אַ וואָרט זאָגן אויף יעטן.

מ י כ ה

נאָך אַ נס וואָס חיים איז ניטאָ. אַ נס.

מ ל ך

שמייכט

אפשר ווילסטו איך זאָל אַנטלויפן פון דאַנען?

מ י כ ה

תלואי קען איך. הלואי, רבונו־של־עולם.

פויזע

מ ל ך

נאָר עפּעס אַ האָר, איז ער דאָ מיט חיימען —

מ י כ ה

פונדעסטוועגן האָלסטו אים אין איין אָרומזוכן?

מ ל ך

און אז יאָ?

מ י כ ה

אדרבא. עס טוט מיר הנאה. ביזט גאָרנישט אַזאַ שלעכטער ווי
דו מאַכסט זיך.

מ ל ך

און אַז אַ שלעכטער?

מ י כ ה

זינט ער איז אַוועק ביזטו אויס מענטש.

מ ל ך

ווער בעט דיך רעדן?

מ י כ ה

טאַפּט מיט די הענט, שלאָגט זיך אָפּ אָן מלך

אַז דו ביזט אין שטוב, וואָס דאַרפסטו זיצן אויפן וועגעלע? גזלן!

מ ל ך

מיט גאל

וואָסי? האָסטו מורא?

מ י כ ה

מילא — אין גאַס. אָבער אין שטוב?

מ ל ך

שפּרינגט אויף מיט אויסערגעווײנטלעכן צאָרן

איך האָב דיר שוין וויפיל מאָל געזאָגט: זאָלסט מיר דאָס ניט דערמאָנען... וואָס, ווילסט מיך אויך שרעקן ווי דער שטומאַק... איך האָב אַלעמען אין דער ערד. נאָר עפּעס אַ האָר איז ער דאָ מיטן הערגעלע... זיין מזל, וואָס ער איז פאַרשווונדן דער שטומאַק — איך וואָלט אים באַוויזן!..

מ י כ ה

אוי, מלך, מלך.

מ ל ך

רופט

יעטע!

מ י כ ה, אַז ער דערהערט, ווי ער רופט יעטן, לאָזט זיך שנעל
צום צימער, ווו זרח איז אַוועק — אָפּ

מ ל ך

קוק אים אָן, ווי ער אַנטלויפט עס? לויף, לויף — זיצט און קוקט מיט אָנגעשטרענגטע אויגן צום טיר פון וואַנען יעטע דאַרף אַרויסקומען. אַז זי קומט ניט אַרויס אַזוי שנעל, פּאָרט ער צו צום טיר. הערט זיך צו מיט אַ דערשטיק! תאוהדיקן פנים, פּאָרט אָפּ אויף צוריק און ווידער — צום טיר. רופט יעטע טרעט ווידער אָפּ צוריק און בלייבט אינמיטן שטוב זיצן אַ שטילער, אַ פאַרזונ-קענער אין דערוואַרטונג. רופט מיט געבעט, שטיל יעטע!

יעטע קומט אַרויס אַן אויסגעפּוצטע אין שוואַרצן זייד און נייַע שיך. דאָס פּנים אירס שיינט פון פרייד און הנאה פון זיך אַליין. זי קוקט אויס שיין, אויסגעגלייַכט. אַ מאָדנער שטאָלץ איז צעגאָסן איבער איר גאַנצער פיגור — מלך אַ פאַרגאַפטער, קוקט אויף איר מיט אויסגעשטאַרטע, אויפגעצונדענע אויגן און אויף זיין פּנים צעגיסט זיך אַן אומגעהייַנטלעכער התפּעלות און פייערלעכקייט. ווי ער זיצט אויפן הענגלע, ווינקט ער נאָך מער אַריין אין אים פון גרויס פריידיקייט און פאַרלוירנקייט, אַזוי ווי דאָס צוזאַמענקאָרטשען זיך וואָלט אים פאַרשאַפט העכסטן תענוג

## מלך

(ווי דורך אַ פראָסט)

יעטע.

## יעטע

(מיט אַרויסגעוויזענער פאַראַכטונג)

איך האָב געמיינט, אַז [illegible]ר זענט שוין אַוועק.

## מלך

איך האָב דאָך דיך גערופן.

## יעטע

איך האָב ניט געהערט.

## מלך

דרייַמאָל גערופן.

## יעטע

ניט געהערט.

## מלך

מע, בע — ניט געהערט. ווילסט זיך אַביסעלע רייצן מיט מיר. האָסט שוין אַזאַ טבע, יעטע. רייצט זיך מיט מיר.

יעטע

איר קענט איך טראַכטן.

מלך

אדרבא, מיר געפעלט עס. רייץ זיך מיט מיר. איך האָב עס ליב.

יעטע

מילא וואָס איך האָב ליב.

מלך

נאָך אַ פּויזע

אָבער שיין ביזטו, אי ווי שיין דו ביזט!... היינט דאָס זיידענע קלייד... האָסט מיך טאַקע געפּאָלגט און אָנגעטון דאָס קלייד. אַי, אַי, וואָס זייד איז! וואָס זייד קען מאַכן!... פּויזע איך האָב אַזוי ליב צו קוקן אויף דיר, ווי דו ביזט אָנגעטון אין זייד... פּויזע ביזט צופרידן?

יעטע

יאָ.

מלך

וואָס האַלטסטו די אויגן צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט?

יעטע

איך האַלט ניט.

מלך

וואָס פאַרלאַנגסטו נאָך? זאָג. פאַרלאַנג אַלץ, וואָס דו ווילסט. פאַר-לאַנג.

יעטע

אָט פון דעם דאָזיקן שמוץ פטור ווערן, פונם הקדש. ס'איז דאָך אַ הקדש... ווער איז שוין ווידער געזעסן אויפן בעט?

מלך

נו, שריי ניט, יעטע, שריי ניט. וועסט פטור ווערן. דו וועסט פטור ווערן.

יעטע

קען ניט באַהאַלטן איר פרייד

טאַקע אמת?

מלך

ווי מיין נאָמען איז מלך — קום צו צו מיר, יעטע...

יעטע

גייט צו נענטער

טאַקע אמת אַלץ, וואָס איר רעדט? איר זענט אַזאַ מאָדנער איצט —

מלך

יאָ?

יעטע

עפּעס זיצט איר אַזוי אויפגעדרייט אויפן וועגעלע, אַזוי איינגעגנורעט — אַזוינע מאָדנע אויגן ביי אייך...

מלך

נו, נו, אָט קוק איך ניט מער. אָבער, וואָס זייד קען מאַכן! — וואָס פאַר אַ פאַלדן, וואָס פאַר אַ פאַלדן —

יעטע

וואָס דרייט איר אַן אויף זיך אַזויפיל שמאַטעס? ניט קאַלט אויפן גאַס, היינט.

מלך

ס'איז מיר גוט. אַן איינגעוויקלטער אין שמאַטעס, אַ גרייטער אויס־צושטרעקן אַ האַנט נאָך אַ נדבה און — — האָבן אַנטקעגן זיך יעטן. יעטן אין זייד —

לאַכט טיף, תאוהדי

יעטע

איך האָב קיינמאָל ניט געזען ביי אייך אַזאַ פּנים.

מלך

אייל יעטע איז אַזוי שיין.

יעטע

אַזוינע קאַפּריזן ביי אייך. וואָס זיצט איר אויפן וועגעלע? גייט אַרונטער.

מלך

האָסט טאַקע מורא — —

יעטע

איר האָט דאָך מורא, איר האָט דאָך אַליין געזאָגט מיר נעכטן.

מלך

מילא, וואָס איך האָב געפּלאַפּלט. מיט כעס איך האָב ניט פאַרוואָס מורא צו האָבן. ענדערט דעם טאָן. — דערשראָקן וואָסי — דו מיינסט, אַז עס קען אַמאָל טאַקע — —

יעטע

וואָס מיינט איר?

מ ל ך

אפשר דאַכט זיך מיר עס נאָר... עפּעס ציען מיר אַ ביסעלע די פיס... גיב אַ קוק, אָט דאָ אָ, אין די קנעכלער...

י ע ט ע

וואָס קען איך וויסן?

מ ל ך

לייג צו אַ האַנט.

י ע ט ע

פון ווייטן

צו וואָס?

מ ל ך

האָסטו מורא אפילו צו רירן זיך צו מיר. יעטע שווייגט — מלך בלייבט זיצן מיט אַן איינגעגנורעטן קערפּער ווען דו האָסט מיך כאָטש אײן ביסעלע ליב... אײן ביסעלע כאָטש... — שווערע שטילקייט — אַ גאַנץ לעבן, אַז איך חלום ווע.ן אַ — אַ שיינער ווייב... אַליין בין איך אַ געלער, אַ שמוציקער —

י ע ט ע

הערט אויף רעדן.

מ ל ך

אויסגעשלעפּט זיך אַ גאַנץ לעבן איבער די הייזער מיט אַ בלינד פאַרזעעניש.

י ע ט ע

מיט טרערן

רעדט ניט.

### מלך

*אין זעלבן טאָן*

אַ גאַנץ לעבן... *פּויזע. יעטע שטייט פון ווייטן ביים וואַנט* אַז מען קומט אַריין אין אַ שטוב, איז וואָס זאָגט מען? שענקט אַ נדבה. שענקט מען... שיינע פרויען אין הייזער פאַראַן... און די גייסט ווייטער אַוועק מיט דער בלינדער פאַרזעעניש...

### יעטע

איך בעט אייך... גייט אַרונטער...

### מלך

*עקשנותדיק, רעדט אינם זעלבן טאָן*

און אויפן גאַס אַז איך זיץ... איז וואָס? אַזוי פיל מענטשן גייען פאַרביי — זיצט אַ בעטלער, טראַכט מען מער גאָרנישט... קיינעם פאַלט גאָרנישט איין, אַז דער געלער בעטלער בענקט זיין גאַנץ לעבן נאָך אַ שיינער ווייב — טראַכט איך אַמאָל, אָט וועט אַ דורכגייערין צוגיין צו מיר, איינבייגן זיך און אַ קוש טון מיר גלייך אין די ליפּן אַריין... *יעטע צעלאַכט זיך* וואָס לאַכסטו?

### יעטע

וואָס אַ מענטשן קען איינפאַלן!

### מלך

*שפּרינגט אַרונטער פון וועגל מיט כּוח*

וואָס? עס קומט מיר ניט? *מיט געשריי* עס קומט מיר ניט?

### יעטע

*דערשראָקן פונם אופן ווי ער איז אַראָפּגעשפּרונגען*

וואָס איז מיט אייך?

מלך

מיט מער אימפעט

עס קומט מיר שטאַמלט אָט האָסטו אַפּילו מורא צו צו רירן זיך צו מיר... אפילו דאָ... פּויזע און אויף וואָס דאַרף איך פּיין געלט? אויף וואָס ? פאַר אַזאַ ווי דו האָב איך עס געקליבן...

יעטע

גייט צו נענטער צו אים

נו, זייט ניט אין כּעס. איך בעט אייך.

מלך

ציטעריק

איך בין ניט אין כּעס. אַז דו רעדסט צו מיר ווייך, איז מיר אַזוי גוט... אַ גאַנץ לעבן, אַז איך וואַרט — אַי, יעטע, ווען דו האָסט מיך כאָטש , ביסעלע ליב —

זעצט זיך צוריק אויפן ווענצלע

יעטע

וואָס־זשע האָט איר אייך ווידער אַריינגעזעצט ?

מלך

מיט פאַרצווייפלונג

אַז איך זע דאָך : דו האָסט מיך ניט ליב —

יעטע

איך וועל זיך סטאַרען —

מלך

אַי, ניט גוט, יעטע... ביטער סטאַרען — פאַרשטייסט... ליב קריגן מיך... אָט — ווי מען האָט טאַקע ליב... פאַרשטייסט, ניט גלאַט אַזוי.

יעטע

מיר וועלן חתונה האָבן —

מלך

אודאי, אודאי — ווילסט טאַקע חתונה האָבן מיט מיר?

יעטע

אַז איר וועט אויפגעבן דאָס בעטלעריי.

מלך

מיט יאוש

אודאי, אודאי. אָבער האָסט דאָך מיך ניט ליב... פּויזע — גיב מיר אַ קוש, יעטע...

יעטע

נאָך אַן אָנגעשטרענגטער פּויזע

אַז איר זייט ניט געגאָלט — און — אַזוי שמוציק —

מלך

דורך די ציין

גיב מיר אַ קוש אין מיין שמוציקן פּנים —

שפּרינגט אַרונטער פון וועגל הילד. לאָזט זיך צו יעטן, האָט גלייך חרטה און פאַלט אַריין ווידער אין וועגל

יעטע

מיט טרערן

זייט ניט אין כּעס אויף מיר.

מלך

איך בין ניט אין כּעס אויף דיר, ניט אין כּעס — קום ווילסט

אַ שיינעם פּנים, ווילסטו — און ווער וועט אַ קוש טון אָט דעם פּנים? קלאַפּט זיך אַליין מיט דער פויסט אין די שלעפן אָט דעם אָ? —

פויזע

יעטע

טרעט צו פּאַמעלעך פון הינטן אַרום, בייגט זיך אָן און גיט אים אַ קוש. טרעט אָפּ צוריק. פיינלעכע שטילקייט

מלך

שווייגט לאַנג און זאָגט ווי אָן אַ קול

אַ דאַנק פאַר דער נדבה רופט זרח, קום אַרויס, זרח.

יעטע טרעט אָפּ. שטעלט זיך מיטן פּנים צום פענסטער. זרח קומט אַריין, אויך מיכה מיט אים

זרח

אָט בין איך.

מלך

מיר פאָרן, טו אָן ס'בלעכל.

זרח

אָנגעטון, אָנגעטון.

שטעלט זיך הינטערן וועגל, האַלטן ביים אָפּגיין — עס לויפט אַריין —

מירל

אַ פאַרסאַפּעטע

חיים איז דאָ צוריק. חיים. און דער שטומער אויך:

מלך

אַ בלייכער

ווען? פון וואַנען?

מ י ר ל

מען האָט אים געזען, חיימען אונטערן בריק. איך האָב גע-מיינט, אַז ער איז שוין דאָ אין שטוב.

מ י כ ה

אַ געזונט אויף דיר פאַר דער בשורה, טאָכטער. דאַנקען גאָט, דאַנ-קען גאָט.

מ ל ך

הארט

וואָסט צייט האָבן צו דאַנקען. צייט האָבן. אַ שמחה אויף איר. און ווער האָט דיר געזאָגט וועגן שטומען?

מ י ר ל

מען זאָגט אַזוי. נאָך פון נעכטן אָן, זאָגט מען, איז ער אונטער בריק.

מ ל ך

מיט קרומעניש

מען זאָגט אַזוי. מען זאָגט אַזוי, אַלץ ווייסטו וואָס מען זאָגט!

מ י כ ה

וואָס איז מיט דיר, מלך?

מ ל ך

מיט געשריי

שווייג. קוקט לאַנג אויף יעטן, וועלכע שטייט שטייף ביים פענסטער די גאַנ-צע צייט. רעדט מיט ניט זיין קול יעטע.

י ע ט ע

וואָס איז?

מלך

וואָס שווייגסטו? מיינע שילטערס זענען שוין דאָ צוריק. מיינע שילטערס... שווערע פויזע — צו מירלען ווער הייסט דיך קומען אַהער? איך האָב מיט אייך מיט קיינעמען ניט צוטון מער. מיט קיינעם ניט. איך נעם ביי אייך מער קיין חלק ניט. איז ווער דאַרף אייך דאָ?

מירל

מיט טרערן

וואָס טו איך אייך?

מלך

מיט אַ מאָדנער דרייסטקייט

קום, זרח. צום בריק קום. אַדרבא לאָמיר זען... פיר מיך...

מלך און זרח אָפּ

מיכה

מירעלע. הער ניט וואָס ער רעדט. הער אים ניט. מעגסט קומען אַהער... אַי וועלן מיר עס האָבן באַלד אַ גאַסט ביידע, מירעלע. זעסט, מירעלע, אַ מענטש טאָר זיך ניט מיאש זיין. האָסט געמיינט, אַז חיים וועט שוין מער קיינמאָל ניט קומען צו אונז.

מירל

וואָס שטייסטו עפּעס אַזוי, יעטע? ווילסט אַפילו ניט רעדן מיט מיר —

יעטע

אַד — — —

מ י ר ל

אַזוי אויפגעפוצט ביזטו. און אַזוי צוגעקליבן אין שטוב...

י ע ט ע

מיט אַ געשריי כמעט

אַך — — —

מ י כ ה

וואָס שרייט זי אַזוי, וואָס שרייט זי?... אַך, רבונו־של־עולם, גאָט האַרציקער... אויף דיר איז זי אויך בייז, מירעלע? קריכט אַרום איבערן שטוב צו איר וואָס האָסטו, האַ? גזלנטע. י ע ט ע שווייגט איך פרעג דאָך. וואָס ענטפערסטו ניט?

י ע ט ע

וואָס חילט איר?

מ י כ ה

ענטפערן דאַרף מען אַ בליגדן, ענטפערן. וויל זיך זעצן אויפן בעט, כאַפּט זיך, אַז מען טאָר ניט, שפּרינגט אָפּ אַי, יעטע, האָסט ניט קיין רחמנות אויף מענטשן... קוים וואָס מען שלעפּט די פיס און די האָסט קיין רחמנות ניט... צו מירלען ווייסט וואָס, מירעלע, לויף אויך צום בריק. איך האָב עפּעס מורא קיין מהלוקות זאָל צווישן יי ניט אויסברעכן. אָדער, אַז ניט — נעם מיך אויך.

מ י ר ל

צו וואָס זאָלט איר אייך שלעפּן, זיידע. איך וועל אַליין גיין.

מ י כ ה

טאָ לויף. לאָז ניט חיימען זיך קריגן מיטן טאַטן.

מ י ר ל אָפּ. י ע ט ע שטייט ביים פענסטער ווי פריער

מיכה

דרייט זיך אַרום איבערן שטוב

גיב מיר עפּעס אויף וואָס צו זעצן זיך, יעטע. האָסט אַלץ איבער-געשטעלט. גיב עפּעס. אויפן בעט לאָזטו ניט. יעטע קערט זיך ניט אָפּ גיב עפּעס זאָג איך דאָך.

יעטע

אָט איז אַ שטול.

מיכה

קענסט ניט אָוועקשטעלן אַביסעלע שטילער? זעצט זיך וואָס האָסטו צו איר?

יעטע

וואָס ווילט איר פון מיר? ווער טשעפּעט מירלען?

מיכה

דאַנקען גאָט. אַבי חיים איז שוין צוריק. דאַנק דיר, רבונו-של-עולם פּויזע אַ גלעזל טיי ווען דו מאַכסט מיר, יעטע. אין מויל טרוקן האָ, יעטע?

יעטע

לאָזט מיך אָפּ, איך בעט אייך.

מיכה

נו שאַ, שריי ניט. מען דאַרף ניט קיין טיי. מורמלט אויף מענטשן דאַרף מען רחמנות האָבן... פּויזע ווי שפּעט איז? יעטע שווייגט ווי שפּעט איז?

יעטע

איך ווייס ניט.

מ י כ ה

שיין אינדרויסן?

י ע ט ע

און אַז שיין?

מ י כ ה

איך פרעג דאָך, נזלנטע.

י ע ט ע

שיין. שיין.

מ י כ ה

די זון שיינט?

י ע ט ע

כליפּעט

שיינט, שיינט...

פאַלט צו מיטן פּנים צום שויב און וויינט שטיל

מ י כ ה

שטעלט זיך אויף א דערשראָקענער

דו וויינסט? יעטע -- דו? וואָס איז דיר?

י ע ט ע פאַרכאַפּט גלייך איר געוויין: — דרייט זיך איבערן שטול. עס קומען אריין מ י ר ל און ח י י ם. אַן אָפּגעריסענער, א פאַרשטויבטער. י ע ט ע ניט ריכטנדיק זיך, שטויסט זיך אָן אָן אים שפּרינגט אָפּ צום טיר פון איר צימער

מ י ר ל

זיידע, אָט איז חיים. זיך אָנבאַגעגנט מיט אים.

מ י כ ה

חיים, זון מיינער.

ח י י ם

נעמט צרום דעם אלטן

יאָ, ויידע, איך.

מ י כ ה

און דעם סאַטן ניט באַגעגנט גאָר. ער איז דאָך אוועק צום בריק דיך זוכן.

ח י י ם

ניט געזען אים.

מ י כ ה

עטע, וווּ ביסטו? חיים איז דאָך דאָ.

חיים שטעלט אָן אויף אים א פּאָר אויגן, קוקט שטום און אָנגעשטרענגט: יעטע ענטפערט אים מיט דער זעלבער שטומקייט. גייט אריין אין צווייטן צימער שוויגנדיק

ח יי ם

וואָס מאַכסטו, ויידע? ביזט גאָר אין שטוב?

מ י כ ה

ניטאָ שוין קיין כח צו גיין אין גאַס, זונעלע... אַי, אַי, זונעלע, האָסט מיר אמתן נחת געבראַכט... און דער טאַטע איז אויס מענטש זינט דו ביזט אַוועק... דו ווייסט, חיימל, ער נעמט דאָך שוין ב"י קיינעם ניט קיין חלק. אויפגעגעבן.

ח יי ם

יאָ?

מ י כ ה

אודאי. אודאי. איז ווו ביזטו געווען? דערציילן. שוין א חודש צייט...

נו זעסט, מירעלע, דאַרף מען זינדיקן און דאגהנען. איך האָב אַלץ געטענהט צו דיר, פאַרליר ניט די האָפנונג, פאַרליר ניט גו, זעסטו... צו חיימען זי האָט דאָך דיך פון מ׳יל ניט אַרויסגע־לאָזט די גאַנצע צייט... מירעלע, וואָס שווייגסטו, פרייסט זיך האַ?

מירל

דערשלאָגן

אָבער חיים פרייט זיך ניט מיט מיר...

מיכה

וואָס הייסט? חיים, וואָס זאָגט זי?

חיים

זעצט זיך אויפן בעט — פאַרטראַכט — פרעמד

איך ווייס ניט, זיידע.

מירל

עפּעס שווייגט ער נאָך מער ווי אַ מאָל. רעדט ניט צו מיר. איך לויף צום בריק — — ערשט איך באַגעגן אים אַהערגייענדיק איך דערפריי זיך אַזוי, און ער עפּעס מאָדנע —

חיים

שטיל

איר זייט אין כעס אויף מיר, מירל?

מיכה

וואָס רעדסטו, זון מיינער? פאַרוואָס זאָל זי זיין אין כעס אויף דיר. אַבי דו ביזט שוין געקומען... טאַקע אמת, חיים, דער שטו־מער איז אויך דאָ צוריק? ווער איז ער אַזוינס? האָט אויף אונז אַלעמען אַ מורא אָנגעוואָרפן —

חיים

איך פאַרשטיי ניט, זיידע, וואָס דו רעדסט.

מיכה

ער איז טאַקע אונטערן בריק, דער שטומער? האָסט אים געזען?

חיים

נו יאָ, איז וואָס? ער זיצט דאָרטן.

מיכה

איך האָב מורא, דער כאַפּטע זאָל אויף אים ניט אָנפאַלן.

חיים

שטעלט זיך אויף, רעדט ווי אין צעטומלעניש

עפּעס אַ מאָדנער ריח הערט זיך דאָ אין שטוב... און עפּעס שווינדלט אַזוי פאַר די אויגן... וואָס זייט איר אַלע אַזוי דער־שראָקן? ווײַזט מיט דער האַנט אויפן טיר, ווו יעטע איז אַרײַן און זי איז שוין טאַקע דאָ די באַלעבאָסטע, האַ?... דורכויס אין זיידנס... צו מירלען וואָס מאַכט איר, מירל? איר זענט טאַקע אין כעס אויף מיר?

מירל

שוין אַ צווייטן מאָל, אַז איר פרעגט. וואָס איך דאַרף דען זיין אין כעס אויף אייך?

חיים

איך ווייס ניט, איר האָט געזאָגט, אַז איר האַלט זיך אויף ביי הינדען. פאַרוואָס ניט דאָ?

מיכה

זי איז זייער קראַנק די אַלטע. גיט מירל אַכטונג אויף איר. אַ מלאך, זאָג איך דיר. ניט קיין מענטש.

חיים

שוין לאנג?

מיכה

כמעט דער גאנצער חודש זינט דו ביזט אוועק. מירעלע, וואס שווייגסטו? וואס טוט זיך אזוינס מיט אייך ביידן?

מירל

וו זייט איר געווען די גאנצע צייט, חיים?

חיים

וואס מאכט עס אויס וו? געווען... וואס זי ליגט צו בעט די אלטע הינדע? קען זיך ניט רירן? איז וואס טוט איר, מירל, איר ראמט איר שמוץ, איר רייניקט זי?...

מירל

בי אודאי, מען טאר ניט לאזן א מענטשן אליין וואלגערן זיך...

חיים

אזוי מען טאר ניט?...

צעלאכט זיך מאדנע

מיכה

וואס איז מיט דיר, חיים?

חיים

קיין ווערעם קריכן ניט ארום אויף איר, אויף דער אלטער הינדן אויף דער מאמען זענען יא ארומגעקראכן ווערעם... רייניקט אי די ווערעם, יא? רייניקט איר?...

מ י ר ל

בגליעט זיך אין ווינקל, דערשלאָגן, איינגעבויגן

װאָס איז מיט אים, זיידע? ער רעדט אַזוי בייז און האַרט צו מיר... פאַרוואָס קומט עס מיר?

מ י כ ה

אַ פאַרלוירענער דרייט זיך אַרום, טאַפּט אין דער פינסטער

וואָס איז מיט אייך, קינדער? חיים, וואָס טוט זיך מיט דיר?

ח יי ם

זעט ווי צוגעקליבן דאָ איז... פאַרהענגלעך. אמתער יום־טוב — און אַ ריח פון זייד הערט זיך — הערט איר ניט קיין ריח פון זייד? צו מירלען בייז וואָס ווייגט איר? מיט געשריי וואָס ווייגט איר אַלע אויף מיין קאָפּ?

מ י כ ה

טאַפּט אָן חיימען

וי רעדסטו דאָס צו איר? אַ מענטש וואַרט אויף דיר, האָפט, לאָזט דיין נאָמען פון מויל ניט אַרויס. און דו — וואָס איז געוואָרן מיט דיר, גזלן? טאַפּט אָן מירלען נו שאַ, מירל —

מ י ר ל

לאָזט מיך זיידע. איך האָב ניט וואָס צו שטיין דאָ מער. לויפט אַרויסצוגיין אַ גוטן אייך, זיידע.

מ י כ ה

איכ'ל גיין מיט דיר, מירעלע. וואַרט, טאָכטער. פיר מיך צום בריק. אַוועק פיר מיך, אַוועק —

מ י ר ל נעמט דעם א ל ט ן פאַרן אָרעם און ביידע אָפּ. ח יי ם קוקט זיי נאָך מיט אַ ווייטאָגדיקן פּנים. זעצט זיך אַראָפּ אויפן בעט. שפּאַרט אָן דעם קאָפּ צום ווענטל. — פּויזע — עס קומט צוריק י ע ט ע. בלייבט שטיין בײם טיש אויסגעצויגן, שלאַנק ח יי ם קוקט אויף איר, שפּרינגט אויף פון בעט; צו צום טיר פון גאַס — שטייט

י ע ט ע

וואָס שטייט איר בײם טיר? ח יי ם שווייגט — י ע ט ע אָדער קומט אַריין, אָדער — גייט אייך. ח יי ם מאַכט אַ פּאָר טריט אינעווייניק. — י ע ט ע וואָס האָט איר אויסגעגלאָצט די אויגן אויף מיר?

ח יי ם

באַטראַכט נאָך אַמאָל דאָס הויז

שוין הייסט עס — — —

י ע ט ע

וואָס?

ח יי ם

שוין, הייסט עס... שוין געווען די חתונה?

י ע ט ע

מיט אַ שמייכל

נאָך ניט.

ח יי ם

ווען וועט זיין?

י ע ט ע

ווען איך וועל ווע'לן.

ח יי ם

אַזוי?... צוגעפּוצט, גבירישׁ...

י ע ט ע

געפעלט איך ניט?

ח יי ם

און דער טאַטע נאָך אַלץ אויפן וועגעלע?

י ע ט ע

יאָ.

ח יי ם

און — איר — אין זייד?...

י ע ט ע

יאָ, אין זייד, פּויזע

ח יי ם

וואָסזשע זענט איר פאַרווייגט?

י ע ט ע

איך? עס דאַכט זיך אייך.

ח יי ם

איך זע דאָך.

י ע ט ע

צו וואָס זענט איר געקומען?

ח יי ם

אַ קוק טון.

י ע ט ע

איר האָט דאָך געזאָגט, אַז איר וועט קיינמאָל ניט קומען אַהער...

ח יי ם

האָב איך ניט געהאַלטן וואָרט.

י ע ט ע

איר זענט דאָך אַוועק פון דאַנען צוליב מיר, ווייל איר האָט מיך פייגט.

ח יי ם

איצט נאָך מערער.

י ע ט ע

פונדעסטוועגן געקומען אַ קוק טון, פאַרבענקט זיך — —

ח יי ם

נאָך אייך?

י ע ט ע

נאָך וועמען דען? נאָכן טאַטן? לאַכט, טוף שמעכיק דאָך ניט נאָכן טאַטן...

ח יי ם

שווייגט. אַז ניט — וועל איך אייך... לאָזט זיך צו איר

י ע ט ע

וואָס? שלאָגן? צו צו אים שלאָגט. איר האָט מיר שוין איינמאָל אַ שטויס געגעבן. איר ווילט נאָך אַמאָל? שלאָגט. איך האָב ליב איר זאָלט מיך שלאָגן...

ח יי ם

צעטומלט

וואָס טוט זיך דאָ?

י ע ט ע

אָבער שיין בין איך, יאָ? איך געפעל אייך?

ח יי ם

*מיט אַ געענדערטן טאָן*

גייט אַוועק, איך בעט אייך.

י ע ט ע

און איר געפעלט מיר אויך.

ח יי ם

גייט אַוועק, זאָג איך אייך.

י ע ט ע

איר זענט זייער חושך. און אַזוי אָפּגעריסן געוואָרן. און אייערע אויגן זענען אָנגעצונדענע — איר געפעלט מיר. אייער טאַטע — ניט; איך האָב פיינט אייער טאַטן. ווי אַ שפין — — נאָך מער ווי איר האָט אים פיינט.

ח יי ם

שווייגט. זאָג איך, *ווייזט אויף אירע קליידער* און דאָס? פאַרוואָס נעמט איר ביי אים?

י ע ט ע

די קליידער? פאַרוואָס ניט? עס קומט מיר.

ח יי ם

עס קומט אייך?

י ע ט ע

יאָ. עס קומט מיר. *ציטערט מיטן גאַנצן גוף* אייער טאַטע וויל ניט איך זאָל אים גלאַט אַזוי ווען עס איז אַ קוש טון — *לאַכט נאָך שטעלי-*קער ער וויל איך זאָל אים ליב האָבן, אויף אַן אמת — גיט מיר

אײערע אַ האַנט. גיט מיר... חיים רוקט זיך פון איר. איר האָט דאָך נאָך אויך קײנמאָל ניט געקושט קײן שײנע פרוי, קײנמאָל ניט... גיט מיר אַ קוש. חיים שטײט אַ שטומער מיט אויפגעבערענטע אויגן. יעטע צו צו אים — װײך, כמעט מיט געװײן גיט מיר אַ קוש, איר װילט דאָך מיך, נעמט מיך. נעמט מיך.

חיים

אַן אָטעם

גײט אַװעק פון מיר.

יעטע

איך האָב געװוּסט, אַז איר װעט קומען. מענטש נאַרישער. זעט װי שײן איך בין צוליב אײַך... צוליב אײַך, מענטש נאַרישער. חיים רירט זיך ניט נו, מיר זעבען בעטלער, געװוּינט צו בעטלען — נו בעטל איך: שענקט מיר אַ קוש, שענקט מיר.

חיים

פאַלט צו צו איר, קישט זי

יעטע נעמט אים אַרום מיט בײדע הענט, דריקט אים פעסט צו זיך. — באַפרײט איה. חיים שפרינגט אַפּ אויף עטלעכע טריט. בײדע שטום

יעטע

מאַכט אַ טראַט צו אים

חיים.

חיים

לאָזט מיך אַלײן, גײט צו זיך.

יעטע

מיט אַ טראַט אויף צוריק

אַ דאַנק פאַר דער נדבה...

חיים

מיט א מאָדנער ווילדקייט

רייסט אַרונטער דעם זייד פון זיך. רייסט אַרונטער דעם זייד.
פול דאָס הויז מיט זיין ריח. פאַרטרייבט זיין ריח, פאַרטרייבט...

עס דערהערט זיך א גרויסער טומל הינטערן טיר. זרח שפּאַנט אריין ניט טויט ניט לעבעדיק.

זרח

גייט, לויפט. אויפן גאַס. מענטשן אַרום. מלך —

חיים

וואָס געשען, רעד —

זרח

חיים. חיים. דער טאַטע דיינער. אויף דער מלוכה. אָפּגענומען
אַלע אברים. קען ניט אַרונטער פון דער מלוכה —

חיים

כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ

יעטע.

חיים און יעטע לויפן ארויס. זרח אליין, — מענטשן טראָגן אריין מלכן צוזאמען מיטן שטול, מען נעמט אים ארונטער און מען לייגט אים ארויף אויפן בעט. יעטע, חיים, מירל און מיכה און נאך ארעמעלייט קומען אריין מיט געוויין.

מלך ליגט אויפן בעט

מלך

ליגט אויפן בעט, רירט ניט מער קיין אבר, רעדט שטיל

זאָל מען ניט וויינען. ס׳ווערט שטיל — וואו איז חיים? חיים.

ח י י ם

גייט צו

טאַטע.

מ ל ך

איצט ווייס איך שוין, ווער דער שומער איז... חיים, זון מיינער...

ח י י ם

אָט בין איך, טאַטע.

מ ל ך

קוים האָט ער רעדט, ציילט די ווערטער

אָבער איצט בין איך שוין נישט קיין פאַלשער, האַ?!.. אַן אמתער? —

חיים פאַלט צו צו אים מיטן גאַנצן גוף

פ אָ ר ה אַ נ ג.